# האַרקאַווי'ס

## אַמעריקאַנישער בריעפען־שטעלער,

### ענגליש און יידיש.

---

ענטהאלט:

געשעפטס־בריעף, פאַמיליען־בריעף, ליעבע־בריעף, נאכפראַגען, טעלעגראַמען צו געבורטס־טעג און חתונות, ידיעות פון פאָסט, אייזען־באַהן און טעלעגראַף, סטאַטיסטיק און פערשיעדענע אנדערע וויכטיגע זאַכען, אויך רעגלען צום לעזען און א בעזונדער אבטהיילונג צו לערנען שרייבען.

---

דריטע פערבעסערטע און פערמעהרטע אויפלאגע.

מיט בעזונדערע ביילאגע:

## בוכהאַלטונג פיר יידען.

---

# HARKAVY'S

## American Letter Writer

WITH USEFUL INFORMATION and A TREATISE ON BOOK KEEPING

ENGLISH AND YIDDISH.

---

Published by

THE HEBREW PUBLISHING COMPANY,

83-85-87 Canal Street, New York.

---

# פארווארט

## צו דער 3=טער אויפלאַגע.

מיט 10 יאָהר צוריק (אין 1892) איז ארויסגעגעבען געוואָרען מיין ערסטער ענגלישער בריעפענשטעלער פיר אידען. דיזער בריעפענשטעלער איז געווען א קליינער, נאָר ער איז געווען גרויס געגוג פיר דיא צייט אין וועלכע ער איז ערשיענען. אידען אין יענער צייט זיינען אין דיזען לאַנד געווען וועניגער וויא היינט, און דיא וואס זיינען געווען, זיינען נאָך ניט געווען געוועהנט צו אידיש־ענגלישע ווערק; אויך זיינען פערלעגער דאַן געשטאַנען אויף א קליינע שטופע און זייא האבען ניט געוואָלט פיעל ריזיקירען. דער ערסטער ענגלישער בריעפענשטעלער איז אָבער אוועקגעגאַנגען בעסער וויא געוואונשען און האט דערלעבט דריי אויפלאַגען.

זעהענדיג דעם ערפאָלג פון דעם ערסטען אידיש־ענגלישען בריעפענשטעלער איז מיין פערלעגער, מר. י. קאַצענעלענבאָגען, איינגעגאַנגען אויף דעם פלאַן ארויס־צוגעבען א גרויסעס ווערק פיר קאָררעספאָנדענץ אין ענגליש און אידיש און איך האב צוזאַמענגעשטעלט דיזען „אמעריקאַנישען בריעפענשטעלער", וועלכער איז שוין דורכגעגאַנגען צוויי גרויסע אויפלאַגען און ערשיינט יעצט צום דריטען מאָל! (דיזע אויפלאַגע ווערט ארויסגעגעבען פון דער „היברו פאָבלישינג קאָמפּאַני", פון וועלכע מר. קאַצענעלענבאָגען איז א מיטגליעד.)

אין דיזער 3טער אויפלאַגע פון דעם „אַמעריקאַנישען בריעפענשטעלער" זיינען געמאַכט געוואָרען פיעלע פערבעסערונגען, ענדערונגען און פערמעהרונגען. עס זיינען אין איהר אויסגעבעסערט געוואָרען דרוק־פעהלער, וואס האבען זיך געפונען אין דיא פריהערדיגע אויסגאַבען; עס זיינען פיעלע זאַכען געמאַכט געוואָרען לייכטער און פערשטענדליכער; עס זיינען צוגעגעבען געוואָרען בריעף, וואס זיינען נויטהיג אין פערזענליכען לעבען, וויא אויך אזעלכע, וואָס זיינען נויטהיג אין דעם לעבען פון קהילות; ענדליך איז אין דיזער אויפלאַגע צוגעגעבען געוואָרען א בעזונדערער גאַנצער טהייל: „בוכהאַלטונג פיר אידען," פון וועלכען יעדער איד, וואס פערשטעהט נאָר אידיש, קען זיך אויסלערנען צו פיהרען זיינע אייגענע געשעפטסביכער.

איך האָף, דאס דיזע נייע אויפלאַגע פון „אמעריקאנישען בריעפענשטעלער" וועט פיעל מעהר צופריעדען שטעלען וויא זיינע פריהערדיגע אויסגאַבען.

ניו יאָרק, פעברואר 3, 1902. — אלכסנדר האַרקאַווי.

# אינהאלטס פערצייכניס.

## ערסטער טהייל: רעגלען צום לעזען.



## צווייטער טהייל: בריעף.



### I. געשעפטס־בריעף.

## II. פאַמיליען און פריינדשאַפטס בריעף.

## III. ליעבע־בריעף.

פאָרמולאַרען פון וועקסלען:



פאָרמולאַרען פון קוויטונגען:





גליקווינשונגס־טעלעגראַמען:



# דריטער טהייל.

## וויכטיגע ידיעות.



## אייזענבאַהנען.

# ערסטער טהייל.

## רעגלען צום לעזען.

### § 1. דיא בוכשטאַבען.

1. געדרוקטע.

| Aa | Bb | Cc | Dd | Ee | Ff | Gg | Hh | Ii | Jj | Kk | Ll | Mm |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אֵיי | בי | סי | די | אי | עף | דזשי | אֵייטש | אַי | דזשיי | קיי | על | עם |

| Nn | Oo | Pp | Qq | Rr | Ss | Tt | Uu | Vv | Ww | Xx | Yy | Zz |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ען | אָו | פּי | קיו | אַר | עס | טי | יו | ווי | דאָבל־יו | עקס | ואַי | זעד |

2. געשריעבענע.

Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj
Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss
Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz.

### § 2. איינטהיילונג פון דיא בוכשטאַבען.

נאָך זייערע קלאַנגע ווערען דיא בוכשטאַבען איינגעטהיילט אין וואָקאלען (vowels וואַו׳עלז) און קאָנסאָנאַנטען (consonants קאָנ׳סאָנאַנטס).

וואָקאלען הייסען בוכשטאַבען, וועלכע קענען אויסגעזאָגט ווערען אַליין, אָהן דער הילף פון אַנדערע בוכשטאַבען.

ק אָ נ ס אָ נ א נ ט ע ן הייסען בוכשטאבען, װעלכע קענען ניט אויסגעזאָגט װערען אליין, נייערט זיי פאָרדערן דיא הילף פון אנדערע בוכשטאבען.

דיא װאָקאלען זיינען: a, e, i, o, u, y; דיא קאָנסאָנאנטען — דיא אלע איבעריגע בוכשטאבען פון דעם איי־בי־סי: b, c, d, f, g, h או. אז. װ.

## § 3. קלענגע פון דיא װאָקאַלען.

**a** האט פינף קלענגע: 1) אֵיי, 2) אַע (אין איינעם), 3) אַ, 4) אָאַ (אין איינעם) און 5) ע (עטװאָס געצויגען); צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| ape | *ape* | אֵייפּ | אַן אַפּע |
| pan | *pan* | פּאַען | אַ פּאַן |
| hard | *hard* | האַרד | האַרט |
| tall | *tall* | טאָאל | הויך |
| fare | *fare* | פע־ר | שפּייז |

**e** האָט דריי קלענגע: 1) אִי, 2) ע און 3) אָי; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| eve | *eve* | איװ | אָבענד |
| bed | *bed* | בעד | אַ בעט |
| pert | *pert* | פּאָירט | מונטער |

**i** האָט דריי קלענגע: 1) אַי, 2) אִי (קורץ) און 3) אָי; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| time | *time* | טאַים | צייט |
| still | *still* | סטילל | שטיל |
| first | *first* | פּאָירסט | ערסט |

**o** האָט פיער קלענגע: 1) אָו, 2) אָ, 3) אַ און 4) אוּ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| told | *told* | טאָולד | געזאָגט |
| love | *love* | לאָװ | ליעבע |
| stop | *stop* | סטאָפּ | אָבשטעלען |
| move | *move* | מו־װ | ריהרען |

**u** האָט פיער קלענגע: 1) יו, 2) אָ, 3) אַ און 4) אָי; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| tube | *tube* | טיוב | אַ רעהר |
| but | *but* | באָט | אָבער |
| full | *full* | פולל | פול |
| burn | *burn* | באָירן | ברענגען |

**y** האט דריי קלענגע: 1) אַי, 2) אי (קורץ) און 3) אָי; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| type | *type* | טאַיפ | אַ בילד |
| stony | *stony* | סטאָוני | שטיינערדיג |
| myrtle | *myrtle* | מאָירטל | אַ מירטהע |

## § 4. אויםשפּראַכע פון דיא צוזאַמענגעזעצטע וואָקאַלען.

דיא צוזאמענגעזעצטע וואָקאלען זיינען: **ai, au, aw, ay, ea, eau, ee, ei, eo, ew, ey, ie, iew, oa, oi, oo, ou, ow, oy, ui.**

**ai** ווערט געלעזען אין מאַנכע ווערטער אֵיי און אין מאַנכע ע; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| pail | *pail* | פּייל | אַן עמער |
| said | *said* | סעד | געזאָגט |

**au** ווערט געלעזען אָאַ, אַ און אַע; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| laud | *laud* | לאָאַד | לויבען |
| launch | *launch* | לאַנטש | הערהאָבלאָזען |
| aunt | *aunt* | אַענט | מוהמע |

**aw** ווערט געלעזען אָאַ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| law | *law* | לאָאַ | אַ געזעץ |
| crawl | *crawl* | קראָאַל | קריעכען |

**ay** ווערט געלעזען אֵי; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| day | *day* | דיי | אַ טאָג |
| staying | *staying* | סטיי'אינג | בלייבען |

**ea** ווערט געלעזען אֵי (געצויגען), עָ, אֵיי און אַ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| heat | *heat* | הי־ט | היץ |
| lead | *lead* | לעד | בליי |
| great | *great* | גרייט | גרויס |
| heart | *heart* | הארט | אַ הערץ |

**eau** ווערט געלעזען יו און אָ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| beauty | *beauty* | ביוטי | שעהנהייט |
| beau | *beau* | באָו | אַ ליעבהאָבער |

**ee** ווערט געלעזען אֵי (געצויגען); צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| sweet | *sweet* | סווי־ט | זיס |
| keep | *keep* | קי־פּ | האַלטען |

**ei** ווערט געלעזען אֵי (געצויגען) און אֵי; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| weir | *weir* | ווי־ר | אַ וואַסער־וואַנד |
| rein | *rein* | ריין | אַ לייצע |

**eo** ווערט געלעזען אֵי (געצויגען) און עָ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| people | *people* | פּי־פּל | אַ פאָלק |
| leopard | *leopard* | לעפּאַרד | אַ לעמפּערט |

**eu** און **ew** ווערען געלעזען יו; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| feud | *feud* | פיוד | אַ שטרייט |
| new | *new* | ניו | נייַ |

**ey** ווערט געלעזען אֵי און אֵיי; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| money | *money* | מאָני | געלט |
| grey | *grey* | גריי | גרוי |

**ie** ווערט געלעזען אִי (געצויגען) און אַי ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| field | *field* | פי־לד | אַ פעלד |
| lie | *lie* | לאַי | ליעגען |

**iew** ווערט געלעזען יו ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| view | *view* | וויו | אַ בליק |
| review | *review* | ריוויו | איבערזעהן |

**oa** ווערט געלעזען אָ און אָאַ ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| boat | *boat* | באָוט | אַ שיפעל |
| broad | *broad* | בראָאַד | ברייט |

**oi** ווערט געלעזען אָי ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| oil | *oil* | אָיל | אויל |
| boil | *boil* | באָיל | קאָכען |

**oo** ווערט געלעזען אוּ (אין מאַנכע ווערטער געצויגען און אין מאַנכע קורץ) ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| hoop | *hoop* | הו־פ | אַ רייף |
| book | *book* | בוק | אַ בוך |

**ou** ווערט געלעזען אַאוּ, אָוּ, אַ און אוּ (עטוואָס געצויגען) ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| proud | *proud* | פראַוד | שטאָלץ |
| soul | *soul* | סאָול | אַ נשמה |
| couple | *couple* | קאָפּל | אַ פּאָאָר |
| coupon | *coupon* | קו־פאָן | אַ קופאָן |

**ow** ווערט געלעזען אָו און אַו ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| low | *low* | לאָו | ניעדריג |
| bow | *bow* | באַו | זיך בוקען |

**oy**ווערט געלעזען אָי; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| boy | *boy* | באָי | אַ ייִנגעל |
| toy | *toy* | טאָי | אַ שפּיעל־צייג |

**ui** ווערט געלעזען יו, אוּ (נאָך r), אי און אַי; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| suit | *suit* | סיוט | אַן אנצוג |
| fruit | *fruit* | פרוּט | פרוכט |
| build | *build* | בילד | בויען |
| guide | *guide* | גאַיד | פיהרען |

## § 5. אויסשפּראַכע פון c, g, s, t, v, w, x, z.

**c** האָט דריי קלאַנגען: 1) ס, 2) ק און 3) ש. וויא ס ווערט **c** געלעזען פאר **e, i, y**; וויא ש — פאר **ia, ie, io**; וויא ק — אין אַלע אנדערע פעלע; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| face | *face* | פיים | אַ געזיכט |
| cell | *cell* | סעלל | אַ צימערל |
| cist | *cist* | סיסט | אַ קאַסטען |
| city | *city* | סי'טי | אַ שטאָדט |
| cygnet | *cygnet* | סיג'נעט | אַ שוואַן |
| cycle | *cycle* | סאַיקל | אַ קייקעל |

---

| | | | |
|---|---|---|---|
| special | *special* | ספּע'שיאַל | ספּעציעל |
| musician | *musician* | מיוזי'שיאָן | אַ מוזיקער |
| ancient | *ancient* | איינ'שיאָנט | אלט |
| suspicion | *suspicion* | סאָספּי'שיאָן | פערדאַכט |
| delicious | *delicious* | דילי'שיאָס | געשמאַק |

---

| | | | |
|---|---|---|---|
| cape | *cape* | קייפ | אַ קאַלנער |
| cone | *cone* | קאָון | אַ שישקע |
| cut | *cut* | קאַט | שניידען |
| cure | *cure* | קיור | היילען |
| curb | *curb* | קאָירב | קרימען |
| act | *act* | אֶקט | אַן אַקט |
| fact | *fact* | פאֶקט | אַ פאַקט |
| clean | *clean* | קלי־ן | ריין |
| club | *club* | קלאָב | אַ קלוב |
| crime | *crime* | קראַים | אַ פערברעכען |
| panic | *panic* | פאֶ׳ניק | אַ שרעק |
| public | *public* | פאָב׳ליק | א פובליקום |

☞ ווען **c** שטעהט ניט פאר **e, i, y** אָדער פאר **ia, io, ie** ווערט עו
אימער געלעזען וויא ק.

**g** האָט צוויי קלאַנגע: 1) דזש און 2) ג. וויא דזש ווערט **g** געלעזען פאו
**e, i, y**; וויא ג אין אלע אנדערע פעלע; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| age | *age* | אֵיידזש | דאָס אַלטער |
| gem | *gem* | דזשעם | אַן עדעלשטיין |
| gin | *gin* | דזשין | שנאַפּס |
| ginger | *ginger* | דזשינ׳דזשער | אינגבער |
| clergy | *clergy* | קלאָיר׳דזשי | פריעסטערשאַפט |
| gymnastics | *gymnastics* | דזשימנאֶס׳טיקס | גימנאַסטיק |

---

| | | | |
|---|---|---|---|
| big | *big* | ביג | גרויס |
| dog | *dog* | דאָג | אַ הונד |
| gab | *gab* | גאֶב | אַ מויל |

| | | | |
|---|---|---|---|
| game | *game* | גיים | אַ שפּיעל |
| fling | *fling* | פלינג | שליידערן |
| grind | *grind* | גראַינד | מאָהלען |
| gum | *gum* | גאָם | גומע |
| long | *long* | לאָנג | לאַנג |
| peg | *peg* | פּעג | אַ טשוועקעל |
| stag | *stag* | סטאַג | אַ הירש |
| tug | *tug* | טאָג | ציעהען |
| glass | *glass* | גלאַסס | גלאָז |
| great | *great* | גרייט | גרויס |

s האָט פיער קלענגע: 1) ס, 2) ז, 3) ש און 4) זש. וויא ש אָדער זש ווערט s געלעזען פאר ia, ie, io, u; וויא ס אָדער ז — אין אלע אנדערע פעלע; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| Asia | *Asia* | איי'זשיאָ | אזיען |
| Asiatic | *Asiatic* | אייזשיאָ'טיק | אזיאטיש |
| transient | *transient* | טריינ'שיענט | פערגענגליך |
| decision | *decision* | דיסי'זשיאָן | אַ בעשייד |
| occasion | *occasion* | אָקקיי'זשיאָן | אַ געלעגענהייט |
| excursion | *excursion* | עקסקאָיר'שיאָן | אַ שפּאציר־פאָהר |
| sure | *sure* | שור | זיכער |
| pleasure | *pleasure* | פּלע'זשור | פערגניגען |

t האָט דריי קלענגע: 1) ט, 2) טש און 3) ש. וויא טש ווערט t געלעזען פאר eo, פאר u און צווישען s—ia, s—io; וויא ש — פאר ia, ie, io; אין אלע אנדערע פעלע — וויא ט; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| oeauteous | *beauteous* | ביו'טשיאָס | זעהר שעהן |
| actual | *actual* | אָק'טשואָל | ווירקליך |
| picture | *picture* | פּיק'טשור | אַ בילד |

| | | | |
|---|---|---|---|
| partial | *partial* | פאַר'שיאַל | פּאַרטייאיש |
| patient | *patient* | פּיי'שיענט | געדולדיג |
| nation | *nation* | ניי'שיאָן | אַ נאַציאָן |

| | | | |
|---|---|---|---|
| take | *take* | טייק | נעהמען |
| ten | *ten* | טען | צעהן |
| hot | *hot* | האַט | הייס |
| battle | *battle* | באַטטל | אַ שלאַכט |
| turn | *turn* | טאָירן | דרעהען |

V ווערט געלעזען איינפאך וויא וו ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| vast | *vast* | וואַסט | זעהר גרויס |
| vest | *vest* | וועסט | אַ וועסט |
| vein | *vein* | וויין | אַן אָדער |

W ווערט געלעזען וויא וו קוים בעריהרט מיט דיא ליפּען, דאָס קומט אויס אַ ביסעל עהנליך צו דעם וואָקאל ו ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| wall | *wall* | ואָאל | אַ וואַנד |
| west | *west* | ועסט | וועסט־זייט |
| will | *will* | ואילל | אַ ווילען |
| wind | *wind* | ואינד | אַ ווינד |

X האָט פיער קלאַנגען : 1) קס, 2) גז, 3) קש און 4) ז. וויא קש ווערט X געלעזען פאַר io אָדער פאַר u ; וויא ז — אין דעם אָנפאַנג פון אַ וואָרט ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| complexion | *complexion* | קאָמפּלעק'שיאָן | געזיכטס־פאַרב |
| luxury | *luxury* | לאָק'שורי | לוקסוס |
| xyster | *xyster* | זיס'טעד | אַ שאָב־מעסער |

| | | | |
|---|---|---|---|
| ax | *ax* | אָקס | אַ האַק |

| | | | |
|---|---|---|---|
| fox | *fox* | פאָקס | אַ פוקס |
| buxom | *buxom* | באָק׳סאָם | מונטער |

---

| | | | |
|---|---|---|---|
| example | *example* | עגזאָמ׳פל | אַ ביישפיעל |
| exist | *exist* | איגזיסט׳ | עקסיסטירען |
| luxuriant | *luxuriant* | לאָגזיו׳ריאַנט | רייכליך |

**z** האָט צוויי קלענגע: 1) ז און 2) זש. וויא זש ווערט **z** געלעזען פאר **ie** און פאר **u**; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| glazier | *glazier* | גליי׳זשער | אַ גלעזער |
| azure | *azure* | אֵיי׳זשור | ״לויקייט |

---

| | | | |
|---|---|---|---|
| zinc | *zinc* | זינק | צינק |
| graze | *graze* | גרייז | עסען גראָז |
| seize | *seize* | סי־ז | כאַפּען |

## § 6. **b, d, f, h, j, k, l, m, n, p, q, r.**

**b** ווערט געלעזען וויא ב; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| bid | *bid* | ביד | בעטען |
| blast | *blast* | בלאַסט | בלאָזען |
| bind | *bind* | באַינד | בינדען |

**d** ווערט געלעזען וויא ד; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| deck | *deck* | דעק | דעקען |
| dull | *dull* | דַלל | דול |
| dame | *dame* | דיים | דאַמע |

**f** ווערט געלעזען וויא פ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| fast | *fast* | פאַסט | פעסט |

| | | | |
|---|---|---|---|
| fire | *fire* | פאַיר | פייער |
| full | *full* | פולל | פול |

h ווערט געלעזען וויא ה; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| hand | *hand* | האֶנד | האַנד |
| hind | *hind* | האַינד | הינטער |
| home | *home* | האָום | היים |

j ווערט געלעזען וויא דזש; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| jam | *jam* | דזשאֶם | קוועטשען |
| joke | *joke* | דזשאָוק | אַ שפּאַס |
| jump | *jump* | דזשאָמפּ | שפּרינגען |

k ווערט געלעזען וויא ק; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| keg | *keg* | קעג | אַ פעסעל |
| kind | *kind* | קאַינד | פריינדליך |
| kitten | *kitten* | קיט׳טן | אַ קעצעלע |

l ווערט געלעזען וויא ל; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| land | *land* | לאֶנד | לאַנד |
| long | *long* | לאָנג | לאַנג |
| lust | *lust* | לאָסט | לוסט |

m ווערט געלעזען וויא מ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| market | *market* | מאַר׳קעט | מאַרק |
| more | *more* | מאָור | מעהר |
| must | *must* | מאָסט | מוזען |

n ווערט געלעזען וויא נ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| name | *name* | נֵיים | נאָמען |
| neat | *neat* | ני״ט | נעט |
| number | *number* | נאָמ׳בער | נומער |

**p** ווערט געלעזען וויא פּ ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| party | *party* | פּאַר׳טי | פּאַרטיי |
| peck | *peck* | פּעק | פּיקען |
| post | *post* | פּאָוסט | פּאָסט |

**qu** ווערט געלעזען וויא קוו ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| quash | *quash* | קוואָש | קוועטשען |
| quit | *quit* | קוויט | קוויט |

**r** ווערט געלעזען וויא ר ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| rat | *rat* | ראֶט | ראַץ |
| rest | *rest* | רעסט | רעסט |
| rum | *rum* | ראָם | ראָם |

## 7 §. קלעננע פון די־א צוזאַמענגעזעצטע קאָנסאָנאַנטען.

די־א צוזאַמענגעזעצטע קאָנסאָנאַנטען זיינען: **ch, gh, ph, qu, sh, sch, th, wh.**

**ch** ווערט געלעזען וויא טש, ק און ש (מערהרסטענס וויא טש) ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| chat | *chat* | טשאֶט | פּלוידערן |
| cheese | *cheese* | טשי־ז | קעז |
| child | *child* | טשאַילד | אַ קינד |
| chop | *chop* | טשאַפּ | האַקען |

---

| | | | |
|---|---|---|---|
| character | *character* | קאֶ׳ראֶקטער | אַ כאַראַקטער |
| chorus | *chorus* | קאָו׳ראָס | אַ כאָר |

---

| | | | |
|---|---|---|---|
| machine | *machine* | אֶשין׳ | אַ מאַשין |
| chemise | *chemise* | ימִיז | אַ פּרויענ׳ |

**gh** ווערט אין מאַנכע ווערטער געלעזען וויא פּ ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| laugh | *laugh* | לאַף | לאַכען |
| draught | *draught* | דראַפֿט | אַ צוג |
| enough | *enough* | אינ'אַף' | גענוג |
| cough | *cough* | קאָף | הוסטען |

**ph** ווערט געלעזען וויא פּ ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| phosphor | *phosphor* | פאָס'פאָר | שוועבעל |
| philosopher | *philosopher* | פילאָ'סאָפער | אַ פילאָזאָף |

**qu** ווערט געלעזען וויא קוו ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| quack | *quack* | קוואָך | קוואַקען |
| quit | *quit* | קוויט | קוויט |

**sh** ווערט געלעזען וויא ש ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| shame | *shame* | שיים | שאַנדע |
| shed | *shed* | שעד | פערגיעסען |
| dish | *dish* | דיש | אַ שיסעל |

**sch** ווערט געלעזען וויא סק ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| scholar | *scholar* | סקאַ'לער | שילער |
| school | *school* | סקו־ל | שולע |
| schooner | *schooner* | סקו־'נער | אַ שיפעל |

**th** האָט צוויי קלענגע: אַ ווייכען און אַ האַרטען. דער ווייכער קלאַנג איז וויא ז אויסגעשפּראָכען מיט דער צונג צווישען דיא צייהנער ; דער האַרטער — וויא ס אויסגעשפּראָכען מיט דער צונג צווישען דיא צייהנער.

☞ דעם ווייכען קלאַנג פון th וועלען מיר דאָ בעצייכנען מיט דה, דעם האַרטען — מיט טה : צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| that | *that* | דהאַט | דאָס |
| bathe | *bathe* | בּיידה | באָדען |

| | | | |
|---|---|---|---|
| thank | *thank* | טהאֶנק | דאַנקען |
| thin | *thin* | טהין | דין |
| thunder | *thunder* | טהאָנ׳דער | דונער |

**wh** ווערט געלעזען וויא הוו, דאָס הייסט, מיט דעם קלאַנג פון **h** פאַר׳ן **w** (hw); צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| what | *what* | הוואָט | וואָס |
| whale | *whale* | הוועיל | אַ וואַהל־פיש |
| when | *when* | הוועןֹ | ווען |
| which | *which* | הוויטש | וועלכער |

## 8 §. שטומע בוכשטאַבען.

דיא בוכשטאַבען **b, e, g, h, k, l, n, t, gh** זיינען אין געוויסע פעלע שטום, דאָס הייסט, זיי ווערען ניט אויסגעשפּראָכען.

**b** איז שטום פאַר **t** און נאָך **m**; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| debt | *debt* | דעט | אַ שולד |
| doubt | *doubt* | דאַוט | אַ צווייפעל |
| lamb | *lamb* | לאֶם | אַ לאַם |
| climb | *climb* | קלאַים | קלעטערן |
| dumb | *dumb* | דאָם | שטום |
| tomb | *tomb* | טום | אַ קבר |

**e** איז שטום צו ענדע פון ווערטער, וועלכע האָבען אויסער איהם נאָך איינעם אָדער מעהרערע וואָקאַלען; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| name | *name* | נייִם | אַ נאָמען |
| life | *life* | לאַיף | לעבען |
| fine | *fine* | פאַין | פיין |
| force | *force* | פאָורס | מאַכט |

| | | | |
|---|---|---|---|
| true | *true* | טרו | ריכטיג |
| tube | *tube* | טיוב | אַ רעהר |

**g** איז שטום פאר **n** ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| gnat | *gnat* | נאַט | אַ קאָמאַר |
| gnaw | *gnaw* | נאָא | גריזשען |
| sign | *sign* | סאַין | אַ צייכען |
| reign | *reign* | ריין | רעגיערען |

**h** איז שטום אין אונבעשטימטע פעלע (אין ניט פיעלע ווערטער), וויא אין:

| | | | |
|---|---|---|---|
| honor | *honor* | אַ'נאָר | עהרע |
| honest | *honest* | אַ'נעסט | עהרליך |
| hour | *hour* | אַור | אַ שטונדע |

**k** איז שטום פאר **n** ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| knave | *knave* | נייוו | אַ שורקע |
| knife | *knife* | נאַיף | אַ מעסער |
| knob | *knob* | נאָב | אַ קנאָפּ |

**l** איז שטום צווישען **a–f**, **a–k**, **a–m**, **a–v** און **o–k** ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| calf | *calf* | קאֶף | אַ קאַלב |
| half | *half* | האֶף | האַלב |
| talk | *talk* | טאָאק | רעדען |
| calm | *calm* | קאַם | רוהיג |
| calves | *calves* | קאַווז | קעלבער |

**n** איז שטום נאָך **l** און נאָך **m** ; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| kiln | *kiln* | קיל | אַ ברענ־אויווען |
| damn | *damn* | דאֶם | פערדאַמען |

**p** איז שטום אין אָנפאנג ווארט פאר **s** און פאר **t**; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| psalm | *psalm* | סאַלם | פסאַלם (מזמור) |
| psalter | *psalter* | סאָאַל׳טער | דער תהלים |
| ptisan | *ptisan* | טי׳זאַן | גערשטענ־וואסער |

**t** איז שטום אין דיא צוזאמענזעצונגען **stle** (אָדער stl) און **sten**; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| nestling | *nestling* | נעס׳לינג | נעסט־פויגעל |
| whistle | *whistle* | הוויסל | פייפען |
| rustle | *rustle* | ראַסל | דוישען |
| thistle | *thistle* | טהיסל | אַ דאָרן |
| fasten | *fasten* | פאַסן | בעפעסטיגען |
| hasten | *hasten* | הייסן | איילען |
| listen | *listen* | ליסן | צוהערען |

**gh** איז שטום נאָך **i** און אין איינינע ווערטער נאָך **au** און **ou**; צ. ב.

| | | | |
|---|---|---|---|
| night | *night* | נאַיט | נאַכט |
| sigh | *sigh* | סאַי | אַ זיפץ |
| taught | *taught* | טאָאַט | געלערנט |
| dough | *dough* | דאָו | טייג |

---

☞ אין דער יידישער איבערזעצונג פון ענגלישע ווערטער, וואס ווערען פאָרקומען אין דיזען בוך, ווערען דיא אונגעוועהנליכע ענגלישע קלאנגע בעצייכענט ווערען אַזוי:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אַע | דורך אָ | אַי געצויגען, דורך | אַי־ |
| אָא | 〃 אָ־ | או 〃 〃 | או־ |
| ע געצויגען | 〃 ע־ | th הארטה 〃 | טה |
| אי קורץ | 〃 אי | th ווייך 〃 | דה |

# כללים צום אויסלעגען (ספעללען).

## מעהרצאָהל.

דיא מעהרצאָהל פון זאכען ווערט אין ענגליש בעצייכענט דורך דיא צוזעצונג פון דעם בוכשטאב s; צ. ב.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| table | טייבל | אַ טיש | — | tables | טייבלז | טישען |
| garden | גאַרדן | אַ גאָרטען | — | gardens | גאַרדנז | גערטנער |

אין אַלע ווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט ch, s, sh, x, z, ווערט פיר דיא מעהרצאָהל צוגעזעצט es; צ. ב.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| torch | טאָרטש | אַ פאַקעל | — | torches | טאָר׳טשיז | פאַקלען |
| gas | גאָס | גאַז | — | gases | גאָ׳סיז | גאַזען |
| glass | גלאָסס | אַ גלאָז | — | glasses | גלאָס׳סיז | גלעזער |
| bush | בוש | אַ קוסט | — | bushes | בו׳שיז | קוסטען |
| fox | פאַקס | אַ פוקס | — | foxes | פאַק׳סיז | פוקסען |
| fez | פעז | אַ יאַרמולקע | — | fezes | פע׳זיז | יאַרמולקעס |

es ווערט אויך צוגעזעצט פיר דיא מעהרצאָהל אין ווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט o, פאַר וועלכען עס קומט א קאָנסאָנאנט; צ. ב.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| hero | הי׳ראָו | אַ העלד | — | heroes | הי׳ראָוז | העלדען |
| cargo | קאַר׳גאָו | לאַדונג | — | cargoes | קאַר׳גאָיז | לאַדונגען |
| potato | פאָוטיי׳טאָו | אַ קאַרטאָפעל | — | potatoes | פאָוטיי׳טאָוז | קאַרטאָפלעס |

אין ווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט y, פאַר וועלכען עס קומט א קאָנסאָ־נאנט, ווערט y פערביטען אויף ies אין דער מעהרצאָהל; צ. ב.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| body | באַ׳די | אַ קערפער | — | bodies | באַ׳דיז | קערפערס |
| fly | פלאַי | א פליעג | — | flies | פלאַיז | פליעגען |
| ferry | פער׳רי | אַ פאַראָם | — | ferries | פער׳ריז | פאַראָמען |

☞ מען דאַרף האָבען גוט אין זינען. דאָס y פערבייט זיך אין דער מעהרצאָהל אויף ie נאָר דאַן, ווען עס שטעהט פאַר איהם אַ קאָנסאָנאַנט. אָבער קיינמאָל ניט, ווען עס שטעהט פאַר איהם אַ וואָקאַל; צ. ב.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| boy | באָי | אַ יינגעל | — | boys | באָיז | יינגלאַך |
| day | דיי | אַ טאָג | — | days | דייז | טעג |

אין מעהרערע ווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט f, ווערט f פערביטען אויף ves אין דער מעהרצאָהל; צ. ב.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| leaf | ליף | אַ בלאַט | — | leaves | לי־ווז | בלעטער |
| thief | טהיף | אַ גנב | — | thieves | טהי־ווז | גנבים |
| loaf | לאָוף | אַ לאַבען | — | loaves | לאָ־ווז | לאַבענס |
| calf | קאָף | אַ קאַלב | — | calves | קאָ־ווז | קעלבער |
| half | האָף | אַ העלפט | — | halves | האָ:וז | העלפטען |

☞ אין ווערטער, וואָס ענדיגען זיך אין oof, ff און אין דיא ווערטער chief, grief, gulf, dwarf ווערט קיין ענדערונג ניט געמאַכט אין דער מעהרצאָהל — עס ווערט נאָר צו זיי צוגעזעצט דער בוכשטאַב s; צ. ב.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| roof | רוף | אַ דאַך | — | roofs | רו־פס | דעכער |
| proof | פרו־ף | אַ פּראָבע | — | proofs | פרו־פס | פּראָבעס |
| hoof | הו ף | אַ קאַפּיטע | — | hoofs | הו־פס | קאַפּיטעס |
| chief | טשי ף | אַן עלסטע | — | chiefs | טשי־פס | עלסטע |
| grief | גרי־ף | אַ שמערץ | — | griefs | גרי־פס | שמערצען |
| gulf | גאָלף | אַ שטראָם | — | gulfs | גאָלפס | שטראָמען |
| dwarf | דוואָ־רף | אַ קאַרליק | — | dwarfs | דוואָ־רפס | קאַרליקעס |

אין ווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט fe ווערט f פערביטען אויף v אין דער מעהרצאָהל; צ. ב.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| life | לאַיף | דאָס לעבען | — | lives | לאַיווז | דיא לעבענס |
| wife | וואַיף | אַ פרוי | — | wives | וואַיווז | פרויען |
| knife | נאַיף | אַ מעסער | — | knives | נאַיווז | מעסערס |

☞ פון דיזער רעגעל ג.העין הערויס דיא ווערטער fife און strife, אין וועלכע f בלייבט ניט געענדערט:

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| fife | פאַיף | אַ טרובע | — | fifes | פאַיפס | טרובעס |
| strife | סטראַיף | אַ שטרייט | — | strifes | סטראַיפס | שטרייטע |

דיא מעהרצאָהל פון דיא ווערטער man, woman, child, ox, foot, goose, tooth, louse, mouse ווערט ניט געמאַכט דורך דיא צוזעצונג פון s, נאָר אויף אַן אַנדער אַרט, וויא פאָלגט:

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| man | מאָן | אַ מענש | — | men | מען | מענשען |
| **woman** | וואו'מאָן | אַ פרוי | — | women | ווי'מען | פרויען |
| **child** | טשאַילד | אַ קינד | — | children | טשיל'דרען | קינדער |

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ox | אָקס | אַן אָקס | — | oxen | אָק׳סען | אָקסען |
| foot | פו־ט | אַ פוס | — | feet | פי־ט | פיס |
| goose | גו־ס | אַ גאַנז | — | geese | גי־ס | גענז |
| tooth | טו־טה | אַ צאָהן | — | teeth | טי־טה | צייהנער |
| louse | לאַוס | אַ לויז | — | lice | לאַיס | לייז |
| mouse | מאַוס | א מויז | — | mice | מאַיס | מייז |

## בעזיץ-פאַל.

בעזיץ־פאַל ווערט אָנגערופען דיא פאָרם פון אַ וואָרט, וועלכע בעצייכענט אַ בעזיצער אָדער בעזיצערין פון עפּעס, וויא דיא פאָרמען פון boy, lady, man אין דיא פאָלגענדע בייּשפּיעלע:

| | | |
|---|---|---|
| the boy's book | דהי באָיז בוק | דעם יינגעל׳ס בוך |
| the lady's dress | דהי לייּדיז דרעס | דיא דאַמע׳ס קלייד |
| the man's hat | דהי מאָנז האָט | דעם מאַנ׳ס הוט |
| the boys' books | דהי באָיז בוקס | דיא יינגלאַכ׳ס ביכער |
| the ladys' dresses | דהי לייּדיז דרעס׳סיז | דיא דאַמענ׳ס קליידער |
| the men's hats | דהי מענז האָטס | דיא מענער׳ס היט |

דער בעזיץ־פאַל פון ווערטער אין איינצאָהל ווערט געמאַכט דורך דיא ציזעצונג פון s' און אין מעהרצאָהל — דורך דיא צוזעצונג פון דעם צייכען ' אליין.

### איינצאָהל.

| | | |
|---|---|---|
| the boy's | דהי באָיז | דעם יינגעל׳ס |
| the lady's | דהי לייּדיז | דיא דאַמע׳ס |

### מעהרצאָהל.

| | | |
|---|---|---|
| the boys' | דהי באָיז | דיא יינגלאַכ׳ס |
| the ladies' | דהי לייּדיז | דיא דאַמענ׳ס |

דער בעזיץ־פאַל פון דיא ווערטער man, woman, child, ox, foot, goose, tooth, mouse, louse ווערט סיי אין איינצאָהל סיי אין מעהרצאָהל געמאַכט דורך s'.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| the man's | דעם מאַנ׳ס | — | the men's | דיא מענער׳ס |
| the woman's | דיא פרוי׳ס | — | the women's | דיא פרויענ׳ס |
| the child's | דאָס קינד׳ס | — | the children's | דיא קינדער׳ס |
| the ox's | דעם אָקס׳ס | — | the oxen's | דיא אָקסיינ׳ס |

או. אז. וו.

# פערדאָפּלונג פון ענד-קאָנסאָנאַנטען.

אין איינ־זילביגע ווערטער, וואָס ענדיגען זיך מיט א קאָנסאָנאַנט, פאַר וועלכען עס קומט אַן איינצעלנער וואָקאַל, ווערט דער ענד־קאָנסאָנאַנט פערדאפּעלט פאַר דיא צוגעזעצטע ענדונגען er, est, ing, ed; צ. ב.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| hot | האַט | הייס | — | hotter | האַט'טער | הייסער |
| red | רעד | רויטה | — | redder | רעד'דער | רייטהער |
| bid | ביד | בּאָטען | — | bidder | בּיד'דער | באָטער |
| hat | האָט | הוט | — | hatter | האָט'טער | הוט־מאַכער |
| hop | האַפּ | שפּרינגען | — | hopper | האַפּ'פּער | שפּרינגער |
| tan | טאָן | גערבען | — | tanner | טאָנ'נער | גערבער |

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| hot | האַט | הייס | — | hottest | האַט'טעסט | הייסעסט |
| red | רעד | רויטה | — | reddest | רעד'דעסט | רויטהסט |
| snug | סנאָג | בּעקוועם | — | snuggest | סנאָג'געסט | בעקוועמסט |

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| bid | בּיד | בּאָטען | — | bidding | בּיד'דינג | באָטענד |
| fit | פיט | פּאַסען | — | fitting | פּיט'טינג | פּאַסענד |
| stop | סטאַפּ | אָבשטעלען | — | stopping | סטאַפּ'פּינג | אָבשטעלענד |
| tan | טאָן | גערבען | — | tanning | טאָנ'נינג | גערבענד |

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| stop | סטאַפּ | אָבשטעלען | — | stopped | סטאַפּפּט | אָבגעשטעלט |
| rob | ראַבּ | רויבּען | — | robbed | ראַבּבד | גערויבּט |
| gag | גאָג | פערשטאָפּען | — | g gged | גאָגגד | פערשטאָפּט |
| tan | טאָן | גערבען | — | tanned | טאָננד | געגערבט |

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| mud | מאָד | בלאָטע | — | muddy | מאָד'די | בלאָטיג |
| wit | וויט | וויץ | — | witty | וויט'טי | וויציג |
| crag | קראָג | פעלז | — | craggy | קראָג'גי | פעלזיג |

די זעלבּיגע איז אויך די רעגעל פון צוויי־זילבּיגע ווערטער, וואס האבּען דעם אקצענט (דעם דריק) אויף דער לעצטער זילבּע; צ. ב.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| regret' | ריגרעט' | בּעדויערן — | regretted | ריגרעט'טער | בּעדויערט |
| compel' | קאָמפּעל' | צווינגען — | compelled | קאָמפּעללד' | געצוואונגען |

## די רעגעל פון all און full.

ווען די ווערטער all און full פעראייניגען זיך מיט אנדערע ווערטער ווערט אין זיי הערויסגעלאָזען איין l; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| all-most — almost | אָ־ל'מאָוסט | כמעט |
| all-ready — already | אָ־לרע'די | שוין |
| faith-full — faithful | פייטה'פול | טריי |
| hand-full — handful | האַנד'פול | אַ הויפען |

## פערבּייטונג פון דעם בּוכשטאַבּ y.

אין ווערטער, וואס ענדיגען זיך מיט y, פאר וועלכען עס קומט א קאָנסאָ־נאנט, ווערט y פערבּיטען אין ie בּיי דער צוזעצונג פון d אָדער s, און אין i בּיי דער צוזעצונג פון est, er; צ. ב.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| cry | קריי | שרייען — | cried | קראַיד | געשריען |
| carry | קאֶר'רי | טראָגען — | carried | קאֶר'ריד | געטראָגען |
| tally | טאָלילי | שטימען — | tallied | טאָלילי־ד | געשטימט |

———

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| cry | קראַי | שרייען — | cries | קראַיז | שרייט |
| carry | קאֶר'רי | טראָגען — | carries | קאֶר'ריז | טראָגט |
| tally | טאָל'לי | שטימען — | tallies | טאָל'ליז | שטימט |

———

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| dry | דראַי | טרוקען — | drier | דראַי'ער | טריקענער |
| happy | האֶפּ'פּי | גליקליך — | happier | האֶפּ'פּיער | גליקליכער |

———

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| dry | דראַי | טרוקען — | driest | דראַי'עסט | טריקענסט |
| happy | האֶפּ'פּי | גליקליך — | happiest | האֶפּ'פּיעסט | גליקליכסט |

———

## פערביטונג פון ie.

אין ווערטער, וואס ענדיגען זיך מיט ie, ווערען דיזע בוכשטאבען פערביטען אויף y ביי דער צוזעצונג פון ing; צ. ב.

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ליעגענד | לאי'אינג | lying | — ליעגען | לאי | | lie |
| שטארבענד | דאי'אינג | dying | — שטארבען | דאי | | die |

## אויסלאזונג פון e.

אין ווערטער, וואס ענדיגען זיך מיט א שטומען e, ווערט דאס e אויסגעלאזען ביי דער צוזעצונג פון ing; צ. ב.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| נעהמענד | טיי'קינג | taking | — נעהמען | טייק | take |
| רעטענד | סיי'ווינג | saving | — רעטען | סייוו | save |
| רייטענד | ראי'דינג | riding | — רייטען | ראיד | ride |

☞ פון דיזער רעגעל געהען הערויס דיא צוויי ווערטער dye (דאי — פארבען) און singe (סינדזש — סמאליען), וועלכע שרייבען זיך dyeing, singeing, אום זיי צו אונטערשיידען פון דיא ווערטער dying (שטארבען) און singing (זינגען).

## פערצייכניס פון דיא ענגלישע קלענגע.

1. וואקאל־קלענגע.

אַ, אַע, אַי, אַו, אַיי.

ע קורץ, ע געצויגען.

אי קורץ, אי געצויגען.

אָ, אָאַ, אָו, אָי.

או קורץ, או געצויגען, יו.

2. קאנסאנאנטען־קלענגע.

ב, ג, ד, דזש, ה, וו שטארק, וו שוואך, ז, זש, ט, טש, י, ל, מ, נ, ס, פּ, ק, ר, ש, ז מיט דער צונג צווישען דיא צייהנער, ם מיט דער צונג צווישען דיא צייהנער.

## וויא דיא קלענגע ווערען געשריעבען.

אָ ווערט געשריעבען דורך a, au, o; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| ווייט | פאר | far |
| הערויסבלאזען | לאנטש | launch |
| אָבשטעלען | סטאפ | stop |

**אַע** ווערט געשריעבען דורך **a, au**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| man | מאַען | אַ מענש |
| aunt | אַענט | אַ מוהמע |

**אַי** ווערט געשריעבען דורך **i, y, ei, ui**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| fine | פאַין | פיין |
| by | באַי | דורך |
| height | האַיט | הויכקייט |
| guide | גאַיד | פיהרען |

**אַו** ווערט געשריעבען דורך **ou, ow**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| loud | לאַוד | הויך |
| now | נאַו | יעצט |

**אֵיי** ווערט געשריעבען דורך **a, ai, ay, ea, ei, ey**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| name | ניים | אַ נאָמען |
| fail | פייל | פעהלען |
| day | דיי | אַ טאָג |
| great | גרייט | גרויס |
| their | דהייר | זייערער |
| they | דהיי | זיי |

**ע** קורץ ווערט געשריעבען דורך **e**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| bed | בעד | אַ בעט |
| net | נעט | אַ נעץ |

**ע** געצויגען פאַר **r** ווערט געשריעבען **a**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| fare | פע־ר | שפייז |
| care | קע־ר | זאָרג |

**אִי** קורץ ווערט געשריעבען דורך **i, ui**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| fit | פיט | פאַסען |
| build | בילד | בויען |

אָי געצויגען ווערט געשריעבען דורך e, ea, ee, ei, eo, ey, ie צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| eve | אי־וו | אבענד |
| tea | טי־ | טהעע |
| feel | פי־ל | פיהלען |
| either | אי־דהער | ענטוועדער |
| field | פי־לד | א פעלד |
| money | מאָני־ | געלד |
| people | פי־פל | א פאָלק |

אָ ווערט געשריעבען דורך o, u, ou ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| form | פאָרם | א פאָרם |
| cut | קאָט | שניידען |
| couple | קאָפל | א פאָאָר |

אָאָ ווערט געשריעבען דורך a, au, aw, oa ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| fall | פאָאָל | פאלען |
| laud | לאָאָר | לויבען |
| law | לאָאָ | א געזעץ |
| broad | בראָאָד | ברייט |

אָו ווערט געשריעבען דורך o, ou, ow ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| hole | האָול | א לאָך |
| mould | מאָולד | שימעל |
| low | לאָו | ניעדריג |

אָי ווערט געשריעבען דורך oi, oy ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| boil | באָיל | קאָכען |
| boy | באָי | א יינגעל |

אוּ ווערט געשריעבען דורך oo, ou, o, u ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| book | בוק | א בוך |
| coupon | קופאָן | א קופאָן |
| do | דו | טהאָן |
| move | מו־וו | בעוועגען |
| put | פוט | לעגען |

### יו ווערט געשריעבען דורך **u, eu, ew**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| אַ נוץ | יוס | use |
| אַ שטרייט | פיוד | feud |
| נייַ | ניו | new |

---

## דיא רעגלען פון אַ און אָ.

ווען מען הערט, אָדער מען האָט אין זינען, דעם קלאַנג אַ פאַר r, שרייבט מען געוועהנליך a; צ. ב. far (פאַר), part (פאַרט), harm (האַרם).

ווען מען הערט דעם קלאַנג א פאַר אַנדערע בוכשטאַבען (דאָס הייסט ניט פאַר r) שרייבט מען o; צ. ב. shop (שאַפּ), bond (באַנד), stop (סטאַפּ).

ווען מען הערט דעם קלאַנג פון אָ פאַר r, שרייבט מען o; צ. ב. for (פאָר), lord (לאָרד), torn (טאָרן).

ווען מען הערט דעם קלאַנג אָ פאַר אַנדערע בוכשטאַבען (דאָס הייסט ניט פאַר r) שרייבט מען u; צ. ב. but (באָט), must (מאָסט), tub (טאָב).

---

### ב ווערט געשריעבען דורך **b**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| שלעכט | באַד | bad |
| רויבען | ראַב | rob |

### ג ווערט געשריעבען דורך **g, gu**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| אַ טהויער | גייט | gate |
| אַ פוס | לעג | leg |
| פיהרען | גאַיד | guide |
| א בונד | ליג | league |

### ד ווערט געשריעבען דורך **d**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| אַ טאָג | דיי | day |
| משוגע | מאַד | mad |

### דזש ווערט געשריעבען דורך **j, g**; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| אַ סלאָי | דזשאַר | jar |
| גראַדע | דזשאָסט | just |

| | | |
|---|---|---|
| gem | דזשעם | אַן עדעל־שטיין |
| rage | ריידזש | צאָרן |

**ה ווערט געשריעבען דורך h; צ. ב.**

| | | |
|---|---|---|
| house | האַוס | אַ הויז |
| hinder | הינ'דער | הינדערן |

**וו שטאַרק ווערט געשריעבען דורך V; צ. ב.**

| | | |
|---|---|---|
| varnish | וואַר'ניש | לאַקירען |
| vest | וועסס | אַ וועסט |

**וו שוואַך (כמעט ו) ווערט געשריעבען דורך W; צ. ב.**

| | | |
|---|---|---|
| was | וואַז | געוועזן |
| west | ועסט | מערב־זייט |

**ז ווערט געשריעבען דורך Z, S; צ. ב.**

| | | |
|---|---|---|
| rise | ראַיז | אויפשטעהן |
| lose | לוז | פערליערען |
| size | סאַיז | דיא גרויס |
| zero | זי'ראָו | אַ נול |
| fez | פעז | אַ יאַרמולקע |

**זש ווערט געשריעבען דורך Z, S; צ. ב.**

| | | |
|---|---|---|
| pleasure | פלע'זשור | פערגניגען |
| glazier | גליי'זשער | אַ גלעזער |

**ט ווערט געשריעבען דורך t; צ. ב.**

| | | |
|---|---|---|
| turn | טאָירן | דרעהען |
| hat | האֶט | אַ הוט |

**י ווערט געשריעבען דורך i, y; צ. ב.**

| | | |
|---|---|---|
| boil | באָיל | קאָכען |
| young | יאָנג | יונג |

**ל ווערט געשריעבען דורך l; צ. ב.**

| | | |
|---|---|---|
| lame | ליים | הינקעדיג |
| hold | האָולד | האַלטען |

מ ווערט געשריעבען דורך **m** ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| man | מאַן | אַ מאַן |
| name | ניים | אַ נאָמען |

נ ווערט געשריעבען דורך **n** ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| nest | נעסט | אַ נעסט |
| find | פאַינד | געפינען |

ס ווערט געשריעבען דורך **c, s** ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| cist | סיסט | אַ קאַסטען |
| face | פייס | אַ געזיכט |
| sun | סאַן | דיא זון |
| house | האַוס | אַ הויז |

פּ ווערט געשריעבען דורך **p** ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| pin | פּין | אַ שפּילקע |
| lip | ליפּ | אַ ליפּ |

פ ווערט געשריעבען דורך **f, ph, gh** ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| fan | פאַן | אַ פעכער |
| life | לאַיף | דאָס לעבען |
| phial | פאַי׳אַל | אַ פלעשעל |
| laugh | לאַף | לאַכען |

ק ווערט געשריעבען דורך **c, k, ck, q** ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| cat | קאַט | אַ קאַץ |
| almanac | אָ־ל׳מאַנאַק | אַ לוח |
| kitten | קיטט׳ן | אַ קעצעלע |
| pick | פּיק | קלייבען |
| antique | אַנטיק׳ | אַלט |

ווערט געשריעבען דורך **r** ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| run | ראַן | לויפען |
| far | פאַר | ווייט |

ש ווערט געשריעבען דורך **c, s, sh, t** ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| שיינען | שאַין | shine |
| שטיל! | האַש | hush |
| גנעדיג | גריי־שאַס | gracious |
| טאַדעל | סענ־שור | censure |
| נאַציאָן | ניי־שאָן | nation |

ז אָדער ס, אויסגעשפּראָכען מיט דער צונג צווישען דיא צייהנער, ווערט געשריעבען דורך **th** (דה, טה) ; צ. ב.

| | | |
|---|---|---|
| דאָס | דהאַט | **that** |
| באָדען |ביידה | **bathe** |
| דיק | טהיק | **thick** |
| אַ באָד | באַטה | **bath** |

---

# וועגען איבערטראגען טהיילען פון ווערטער.

---

## טהיילונג פון ווערטער אין זילבען.

ווען מען האלט איין שרייבען ביי'ן ענדיגען א ציילע און עס איז ניטאָ גענוג אָרט פיר דאָס לעצטע וואָרט, קען מען א טהייל פון איהם שרייבען אין יענער ציילע און דעם איבריגען טהייל איבערטראָגען צו דער צווייטער ציילע; אָבער ביי אזא איבערטראָגען מוז דיא טהיילונג פון דעם וואָרט געמאכט ווערען נאָך דער איינטהיילונג פון זיינע זילבען.

אום צו טהיילען ווערטער נאָך זייערע זילבען מוז מען זיין בעקאַנט מיט דיא טהיילען, פון וועלכע זיי זיינען צוזאמענגעשטעלט.

ווערטער בעשטעהען פון וואָרצלען און פון טהיילען, געוועהנליך איינזילבינע, וועלכע קומען צוגעזעצט פאר דיא וואָרצלען און נאָך דיא וואָרצלען. דיא טהיילען, וואָס קומען פאר דיא וואָרצלען, הייסען **פאָר־זילבען; דיא, וואָס** קומען **נאָך דיא וואָרצלען,** הייסען נאָך־זילבען.

די פאָר־זילבען פון ענגלישע ווערטער זיינען געוועהנליך:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| a | ag | as | dis | ic | oc |
| ab | al | at | em | in | of |
| ac | an | be | en | ir | op |
| ad | ap | de | ex | mis | re |
| af | ar | di | im | ob | se |

צום ביישפּיעל:

away — a-way
abstain — ab-stain
accuse — ac-cuse
advent — ad-vent
affirm — af-firm
aggress — ag-gres
allot — al-lot
annul — an-nul
apply — ap-ply
arrest — ar-rest
assist — as-sist
attend — at-tend
become — be-come
deduct — de-duct
divert — di-vert
distrust — dis-trust
empower — em-power
entangle — en-tangle
explain — ex-plain
import — im-port
include — in-clude
inspect — in-spect
irritate — ir-ritate
misplace — mis-place
object — ob-ject
occult — oc-cult
offend — of-fend
oppose — op-pose
receive — re-ceive
seclude — se-clude

די נאָך־זילבען פון ענגלישע ווערטער זיינען געוועהנליך:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| age | dom | ful | ist | ment |
| al | ence | hood | ive | ness |
| ance | ent | ing | less | or |
| ant | er | ish | ly | ship |

צום ביישפּיעל:

bondage — bond-age
rental — rent-al
penance — pen-ance
mordant — mord-ant
kingdom — king-dom
presence — pres-ence

student — stud-ent
teacher — teach-er
handful — hand-ful
boyhood — boy-hood
farming — farm-ing
childish — child-ish
artist — art-ist

active — act-ive
useless — use-less
manly — man-ly
statement — state-ment
kindness — kind-ness
tenor — ten-or
friendship — friend-ship

safety — safe ty.

מאנכע ווערטער בעשטעהען בלויז פון ווארצלען, מאנכע האבען צו דיא ווארצלען צוגעזעצט נאר פאר־זילבען, מאנכע — נאר נאכ־זילבען, און מאנכע — אי פאר־זילבען אי נאכ־זילבען; צ. ב.

vest

דיזעס ווארט איז בלויז א ווארצעל.

invest

דיזעס ווארט בעשטעהט פון א ווארצעל און א פאר־זילבע (in).

vestment

דיזעס ווארט בעשטעהט פון א ווארצעל און א נאכ־זילבע (ment).

investment

דיזעס ווארט בעשטעהט פון א ווארצעל מיט א פאר־זילבע (in) און א נאכ־זילבע (ment).

מאנכע ווערטער האבען צוגעזעצט צום ווארצעל מעהר אלס איין פאר־זילבע אדער נאכזילבע; צ. ב.

disapprove — (dis, ap) צוויי פאר־זילבען

watchfulness — (ful, ness) צוויי נאכ־זילבען

ביי דער טהיילונג פון ווערטער אין זילבען דארף מען אבזונדערן דיא פאר־זילבען און דיא נאכ־זילבען פון דיא ווארצלען; צ. ב.

lively — live ly
livelihood live li-hood
office — of-fice.

ווען עס קומען פאָר אין א וואָרט דאָפּעלטע קאָנסאָנאַנטען, וויא dd, pp, tt או. אז. וו., דארף מען זיי ביי דער טהיילונג אָבזונדערן ; צ. ב.

attempt — at-tempt
office — of-fice
rattle — rat-tle
stopped — stop-ped
patting — pat-ting

ed זיינען אימער א בעזונדערע זילבע, ווען זיי קומען נאָך א d אָדער א t ; צ. ב.

handed — hand-ed
rested — rest-ed

es זיינען אימער א בעזונדער זילבע ווען זיי קומען צו בעצייכנען דיא מעהר־צאָהל פון זאכען אָדער דיא דריטע פערזאָן פון צייטווערטער נאָך ch, s, sh, x, z ; צ. ב.

churches — church-es
glasses — glass-es
gases — gas-es
boxes — box-es
fezes — fez-es

---

he reaches — reach-es
he catches — catch-es
he passes — passe-es
he washes — wash-es
he fixes — fix-es.



# נעמען פון פערזאנען.

## 1. מענליכע נעמען.

| | | |
|---|---|---|
| *Aaron* | Aaron | אָ'ראָן (אהרן) |
| *Abraham* | Abraham | אֵייבּ'ראָהאָם (אברהם) |
| *Adolph* | Adolph | אַ'דאָלף |
| *Albert* | Albert | אַל'בערט |
| *Alexander* | Alexander | אָליגזאָנ'דער |
| *Alfred* | Alfred | אַל'פרעד |
| *Arthur* | Arthur | אַר'טהור |
| *Augustus* | Augustus | אָגאָס'טאָס |
| *Barnet* | Barnet | באַר'נעט |
| *Benjamin* | Benjamin | בענ'דזשאָמין |
| *Bennett* | Bennett | בענ'נעט |
| *Bernard* | Bernard | בערנאַרד |
| *Charles* | Charles | טשאַרלז |
| *Conrad* | Conrad | קאָנ'ראָד |
| *David* | David | דיי'וויד (דוד) |
| *Daniel* | Daniel | דיי'ניעל (דניאל) |
| *Edward* | Edward | עד'וואָרד |
| *Elias* | Elias | עלאַי'אָס (אליהו) |
| *Emanuel* | Emanuel | עמאָ'ניעל (עמנואל) |
| *Ephraim* | Ephraim | אי'פריים (אפרים) |
| *Felix* | Felix | פע'ליקס |
| *Francis* | Francis | פראָנ'סיס |
| *Frank* | Frank | פראָנק |

| | | |
|---|---|---|
| *Gabriel* | Gabriel | גיי׳בריעל (גבריאל) |
| *Gedaliah* | Gedaliah | געדאֶלאַי׳א (גדליה) |
| *George* | George | דזשאָרדזש |
| *Gottlieb* | Gottlieb | גאָטט׳ליעב |
| *Harris* | Harris | האֶר׳ריס |
| *Harry* | Harry | האֶר׳רי |
| *Herbert* | Herbert | הער׳בערט |
| *Herman* | Herman | הער׳מאַן |
| *Hyman* | Hyman | האַי׳מאָן |
| *Isaac* | Isaac | אַי׳זאָק (יצחק) |
| *Isidor* | Isidor | אי׳סידאָר |
| *Israel* | Israel | איז׳רייעל (ישראל) |
| *Jacob* | Jacob | דזשיי׳קאָב (יעקב) |
| *John* | John | דזשאָהן |
| *Joseph* | Joseph | דזשאָו׳זעף (יוסף) |
| *Judah* | Judah | דזשו׳דאַ (יהודה) |
| *Lazarus* | Lazarus | לאַ׳זאַראָס (לייזער, אליעזר) |
| *Leon* | Leon | לי׳אָן |
| *Leopold* | Leopold | לי׳אָפּאָלד |
| *Louis* | Louis | לואי, לואיס |
| *Marcus* | Marcus | מאַר׳קאָס |
| *Mark* | Mark | מאַרק |
| *Matthew* | Matthew | מאָט׳טיו |
| *Morris* | Morris | מאָר׳ריס |
| *Moses* | Moses | מאָו׳זעס (משה) |

| | | |
|---|---|---|
| Naphthali | Naphthali | נאַפטהאַ'לי (נפתלי) |
| Nathan | Nathan | ניי'טהאָן (נתן) |
| Nicholas | Nicholas | ני'קאָלאַס |
| Noah | Noah | נאָו'אַ (נח) |
| Oliver | Oliver | אָ'ליווער |
| Oscar | Oscar | אָס'קאַר |
| Paul | Paul | פאָ־ל |
| Peter | Peter | פי'טער |
| Philip | Philip | פי'ליפ |
| Reuben | Reuben | רעאו'בען (ראובן) |
| Robert | Robert | ראָ'בערט |
| Samson | Samson | סאֶמ'סאָן (שמשון) |
| Samuel | Samuel | סאֶמיועל (שמואל) |
| Simon | Simon | סאַי'מאָן (שמעון) |
| Solomon | Solomon | סאָ'לאָמאָן (שלמה) |
| Theodore | Theodore | טהי'אָדאָר (טודרוס) |
| Thomas | Thomas | טהאָ'מאַס |
| Tobias | Tobias | טאָובאַי'אַס (טוביה) |
| Ulysses | Ulysses | אָליס'סעס |
| Uriah | Uriah | יוראַי'אַ (אוריה) |
| Victor | Victor | וויקטאָר |
| Walter | Walter | וואָל'טער |
| William | William | וויל'יאַם |
| Zacchoriah | Zacchoriah | זאַקקאָראַי'אַ (זכריה) |
| Zadok | Zadok | זאַ'דאָק (צדוק) |

2. ווייבליכע נעמען.

| | | |
|---|---|---|
| *Adelle* | Adelle | אַדעלל׳ |
| *Alice* | Alice | אֶ׳ליס |
| *Amy* | Amy | אֵיי׳מי |
| *Anna* | Anna | אַנ׳נאַ |
| *Annie* | Annie | אֶנ׳ני |
| *Barbara* | Barbara | באַרבאַ׳ראַ |
| *Bella* | Bella | בעל׳לאַ |
| *Belle* | Belle | בעלל |
| *Bertha* | Bertha | בער׳טהאַ |
| *Bessie* | Bessie | בעס׳סי |
| *Betsey* | Betsey | בע׳טסי |
| *Carolina* | Carolina | קאַראָלאַי׳נאַ |
| *Charlotte* | Charlotte | טשאַרלאָטט |
| *Clara* | Clara | קלאַ׳ראַ |
| *Deborah* | Deborah | דעבאָ׳ראַ |
| *Dinah* | Dinah | דאַי׳נאַ |
| *Dora* | Dora | דאָ׳ראַ |
| *Edith* | Edith | איי׳דיטה |
| *Eliza* | Eliza | אילאַי׳זאַ |
| *Elizabeth* | Elizabeth | אילי׳זאַבעטה |
| *Emily* | Emily | ע׳מילי |
| *Emma* | Emma | עמ׳מאָ |
| *Eve* | Eve | איוו |
| *Esther* | Esther | עס׳טהער |
| *Ettie* | Ettie | עט׳טי |

**38. פון א שכן, וועלכער ענטשולדיגט זיך פיר זיין פערציעהען דיא צאהלונג.**

מיין הערר: — איך בין שוין אייער שכן איבער צעהן יאהר אין דעם הויז, וואו איך וואוין יעצט, און איהר ווייסט, דאס איך האב קיינמאל ניט פערפעהלט צו צאהלען מיין דירה־געלד אלע פערטעל־יאהר, ווען עס איז געקומען דיא צייט יעצט טהוט מיר זעהר לייד אייך צו מעלדען, דאס דורך פערשיעדענע טווישונגע פון דער לעצטער צייט, בין איך געצוואונגען אייך צו בעטען, דאס איהר זאלט ווארטען נאך א פערטעל־יאהר. ביי יענער צייט, האף איך, דאס איך וועל זיין אין שטאנד צו ערפילען אייער גערעכטען פערלאנג, און דיזען געפאלען וועט אימער גע־דענקען

אייער געהארכזאמער דיענער.

---

**39. א פירמע, וועלכע פערלאנגט מעהר צייט.**

מיינע הערען: — איך בעדויער זעהר, דאס דיא אומשטענדע ערלויבען מיר ניט צו זיין אזוי פינקטליך וויא מיין געוואוינהייט איז, און איך האף, דאס איהר וועט זיין אזוי גוט און בענייען מיין וועקסעל, וועלכען איהר האלט, פיר נאך דריי מאנאטען. דער באנקראט פון איינעם, וואס איז מיר שולדיג זעהר פיעל, און נאך אנדערע שאדענס אין געשעפט, האבען מיר אנגעמאכט שרעקליכע אונבעקוועמליכ־קייטען, און איך מוז מיך ווירקליך שטיצען אויף אייער פריינדליכקייט אלס א מיטעל, וואס זאל מיר העלפען צו קומען צוריק צו זיך.

איך פערבלייב, מיינע הערען,

טרייליך אייערער.

---

**40. אן אנדער בריעף אין דעם זעלביגען זין.**

מיין הערר: — מיין וועקסעל וועט ווערען צייטיג דעם 28טען דיזען מאנאט, אבער עס טהוט מיר לייד צו מעלדען, אז דורך געוויסע אומשטענדע, וועלכע עס ליעגט ניט אין מיין מאכט צו בעזייטיגען, האב איך מורא, דאס איך וועל ניט זיין אין שטאנד איהם צו בעצאהלען. איך בעט אייך דעריבער, אז איהר זאלט מיר געבען א קורצע בענייאונג (א מאנאט), דען איך צווייפעל ניט, אז דאן וועל איך האבען דיא מיטלען איהם צו דעקען. ווען איהר וועט דאס טהאן, וועט איהר טהאן א געפאלען

אייער זעהר געהארכזאמען דיענער.

---

38. From a Tenant, Excusing Delay of Payment.

*Sir*: — I have now been your tenant above ten years in the house where I now live, and you know that I never failed to pay my rent quarterly when due. At present I am extremely sorry to inform you that from a variety of recent disappointments, I am under the necessity of begging that you will wait one quarter longer. By that time I hope to have it in my power to answer your just demand, and the favor shall be ever remembered by

Your obedient servant.

---

39. A Firm, Asking Extension of Time.

*Gentlemen:* — I much regret that circumstances prevent my being as punctual as is my wont, and hope you will kindly renew the note you hold of mine for another three months. The failure of a person largely indebted to me, and some other losses in business, have caused me severe inconvenience, and I really must depend upon yonr leniency as a means to enable me to recover myself.

I remain, Gentleman,

Yours faithfully.

---

40. Another Letter to That Effect.

*Sir*: — My note will be due on the 28th inst., but I regret to say, that owing to circumstances beyond my control, I fear that I shall not be able to meet it. May I therefore request that you will grant me a short renewal (a month), when I doubt not my means to take it up. By doing this you will oblige

Your very obedient servant.

---

## 41. אן אונגליקליכער סוחר צו זיין קרעדיטאָר.

מיין הערר :—

אזוי וויא עס איז געשעהען א גרוססעס אונגליק אין מיין פאמיליע און איינינע פון מיינע קונדען האבען באנקראָטירט, בין איך געצוואונגען אייך צו בעטען, אז איהר זאָלט דיא צייט פון מיין צאָהלונג פערלענגערן אויף אונגעפעהר זעקס מאָנאטען, און איך בעט אייך, אז איהר זאָלט דיא זעלבינע זאך אויך אויסווירקען ביי דיא איבריגע קרעדיטאָרען מיינע. איהר ווייסט מיין כאראקטער; איך האָב שטענדיג געהאנדעלט עהרליך און אויפריכטיג געגען דיא, מיט וועלכע איך בין געשטאנען אין געשעפטליכע פערבינדונגען, און דעריבער גלויב איך, דאָס איך פערדיען, אז איהר זאָלט מיין ביטע נעהמען אין אכט.

מיט דער פערזיכערונג, דאָס איהר און אַלע מיינע איבריגע קרעדיטאָרען וועלען זיין בעפריעדיגט נאָך דער צייט, וועלכע איך פערלאנג פון אייך,

פערבלייב איך,

מיט דער גרעסטער אכטונג.

## 42. ענטפער.

מיין הערר:—

דיא נייעס וועגען אייער שווערער לאגע האָט מיר ווירקליך פערשאפט פיעל שמערץ, און איך האָב געהאלטען פיר מיין פליכט צו טהאָן אלעס, וואס איז נאָר געווען מעגליך, אום אייך צו העלפען.

איך האָב איינגעווילינט מיט דיא איבריגע קרעדיטאָרען אייערע, אייך צו געבען צוועלף מאָנאט צייט.

איך פערבלייב,

טרייליך אייערער.

## 43. אַן אַנדער ענטפער.

מיין הערר : —

עס טהוט מיר לייד אייך צו מעלדען, דאָס איך קען ניט נאָכגעבען אייער פערלאנג. אייערע קרעדיטאָרען האָבען דיא פאָריגע נאכט אָבגעהאלטען א פער־זאמלונג און האבען בעשלאָסען אייך צו געבען איין מאָנאט צייט, אין וועלכען איהר זאָלט בעצאָהלען אייערע שולדען. ווען זייערע פאָרדערונגען וועלען נאָך דעם פערלויף פון דיזער צייט ניט בעפריעדיגט ווערען, וועלען זיי זיך ווענדען צו געריכט.

איך פערבלייב,

טרייליך אייערער.

41. UNFORTUNATE MERCHANT TO HIS CREDITOR.

*Sir:—*

A heavy misfortune in my family, and the failure of several of my customers, oblige me to ask you to prolong my terms of payment for about six months, and request you to obtain for me from the rest of my creditors a similar delay. You know my character. I have always acted honestly and conscientiously towards my business friends, and therefore believe to merit some consideration.

Assuring you that you and all the rest of my creditors will be satisfied at the expiration of the said term.

I remain,

Most respectfully.

42. ANSWER.

*Sir:—*

The news of your embarrassment has indeed given me much trouble, and I thought it my duty to do all I could to assist you.

I have agreed with the rest of your creditors, to allow you twelve months' time.

I remain,

Yours truly.

43. ANOTHER ANSWER.

*Sir :—*

I am sorry to inform you that I cannot consent to your request.

Your creditors held a meeting last night and resolved to allow you one month longer to meet your engagements. If at the expiration of that time their claims are not satisfied, thy will have recourse to the law.

I remain,

Yours truly.

## 44. וועגען א הלואה.

ווערטהער הערר: —

אין צעהן טעג הערום דארף איך נויטהיג האבען דיא קליינע סומע פון $125. אום צו זיין אין שטאנד צו ערפילען מיינע פערפליכטונגען צו העררן סמיטה און קאמפ. דאס פערטרויען פון דיזער פירמע איז פיר מיך זעהר וויכטיג, וויל מיין גאנצעס געשעפט הענגט אב פון זיי. איהר ווערט מיר דעריבער טהאן א גרויסען געפאלען, ווען איהר וועט מיר העלפען מיט דיזער סומע פיר זעקס וואכען צייט. זייט אזוי גוט און ענטפערט מיר באלד.

טרייליך אייערער.

## 45. ענטפער.

ווערטהער הערר: —

איך מוז אייך אפען זאגען, דאס אין דיזען אויגענבליק איז מיר שווער צו ערפילען אייער וואונש; נאר אום אייך צו געבען א בעוויז, דאס איך האב צוטרויען צו אייער פינקטליכקייט, שיק איך אייך דא איינגעשלאסען אן אנווייזונג אויף $125.

מיט אכטונג.

## 46. אן אנדער ענטפער.

ווערטהער הערר: —

אין דיזען אויגענבליק איז מיר שווער אייך צו שיקען דיא סומע, וועלכע איהר פערלאנגט אין אייער נעכטיגען בריעף. איך בין יעצט אזוי געענגט אין געלד, דאס איך קען קוים דעקען דיא געוועהנליכע אויסגאבען פון מיין געשעפט. איך האף, דאס מיין ענטזאגונג וועט אייך ניט פאלען שווער און דאס איהר וועט געפינען דיא נויטהיגע הילף ביי מאנכע אנדערע פריינד.

### 44. CONCERNING A LOAN.

*Dear Sir :—*

It is of great consequence to me, to have in ten days the small sum of $125, to be able to fulfil my engagements towards Messrs. Smith & Co. The confidence of this firm is of great importance to me, as my whole business depends upon them. You will therefore oblige me by assisting me with the above sum for six weeks. Please favor me with an early reply.

Yours truly.

### 45. ANSWER.

*Dear Sir :—*

I must confess that at this moment I find it difficult to fulfil your wish; but to give you a proof of the confidence which I place in your punctuality, I send you enclosed an order for $125.

Respectfully.

### 46. ANOTHER ANSWER.

*Dear Sir :—*

At this moment I find it impossible to advance you the sum you ask me for in your letter of yesterday. I am at present so short of cash that I can scarcely pay the current expenses of my business. I hope that my refusal will not embarras you, but that you will find the necessary assistance with some other friends.

Yours most respectfully.

## 47. וועגען א הלואה פון א בעקאנטען.

ווערטהער הערר: —

איהר וועט מיר טהאָן א גרויסען געפאלען ווען איהר וועט מיר לייהען זעכציג דאָללאר אויף פינף וואָכען צייט. ווען איהר ווילט קען איך אייך געבען גוטע פערזיכערונג און איך וועל אייך פינקטליך אומקעהרען דאָס געלד גאָך דעם אָבלויף פון דיזער צייט.

טרייליך אייערער.

## 48. ענטפער.

ווערטהער הערר: —

איך פיהל מיך גליקליך וואָס איך בין אין שטאנד צו ערפילען אייער פערלאנג. איך פערלאנג ניט קיין פערזיכערונג, אייער וואָרט איז גענוג. אזוי וויא איך האָב דאָס גרייטע געלד ביי מיר, קענט איהר קומען נאָך דעם, ווען איהר ווילט.

אייערער או. אז. וו.

## 49. אן אנדער ענטפער.

ווערטהער הערר: —

איך האָב מיר שטענדיג געמאכט א פרינציפ אין לעבען, קיינמאָל ניט צו באָרגען אָדער לייהען קיין געלד. איך רעכען דעריבער, דאָס איהר וועט ענטשולדיגען מיין בענעהמען זיך געגען אייך, וועלבעס וועט אייך פיעללייכט פאָרקומען גראָב; איך האָב אימער געפונען, אז דאָס איז דער זיכערסטער און פריינדליכסטער וועג פיר ביידע צדדים.

איך פערבלייב,

זעהר טרייליך אייערער.

### 47. LOAN FROM AN ACQUAINTANCE.

*Dear Sir :—*

You would oblige me much by lending me sixty dollars for five weeks. If you wish, I can give you good security, and shall return the money punctually at the expiration of that time.

Yours truly.

### 48. ANSWER.

*Dear Sir :—*

I am happy to be able to comply with your request. I require no security, your word is sufficient. As I have the ready money with me, you can call for it when you wish.

Yours &c.

### 49. ANOTHER ANSWER.

*Dear Sir :—*

I have always made it a principle in life never to borrow or lend money. I therefore trust you will excuse my conduct which may seem harsh on my part, but which I have ever found to be the safest and the kindest course for all parties.

I remain,

Yours very faithfully.

## 50. נאכפראגען וועגען דער עהרליכקייט פון א פירמע.

מיין העררי: —

מיט פערטרויען אויף אייער קלוגשאפט און פריינדשאפט, וועלכע איהר האט מיר אימער געצייגט, בעט איך ערלויבניס ביי אייך צו מאכען דיא פאלגענ־דע נאכפראגע.

איך האב דיזען אויגענבליק געקריעגען א בעשטעלונג פיר פערשיעדענע וואארען ביז דער סומע פון 1500 דאללאר פון העררן ......, פון אייער ארט. ער וויל מיר איינצאהלען איין העלפט באלד וויא ער וועט קריעגען דיא סחורה און דיא אנדערע העלפט נאך דריי מאנאטען. אזוי וויא איך בין מיט דיזען העררן נים בעקאנט און וויל מיין סחורה נים טרויען א מענשען, וואס איך קען נים, נעהם איך מיר דיא פרייהייט אנצופרעגען אייער מיינונג, אויב איך קען איהם פערקויפען דיא וואארע אהן א ריזיקע.

איך וועל אבהאלטען מיין ענטפער אויף זיין בריעף ביז איך וועל קריגען א בריעף פון אייך. דאס וואס איהר וועט מיר שרייבען וועל איך דורכאויס האלטען אלס געהיים און איך פערשפרעך אייך, דאס איך וועל מיך שעצען גליקליך אייך אבצוצאהלען דיא זעלבינע טובה אין יעדען פאל וואס וועט ביי אייך פארקומען.

מיט דער גרעסטער אכטונג.

## 51. ענטפער.

מיין העררי: —

אין אנטווארט אויף אייער ווערטהען בריעף פון דעם ...... פון דיזען מא־נאט, פרייט עס מיך אייך צו מעלדען, דאס העררי ......, וואס שטעהט שוין היער מיט א געשעפט פיר לעצטע צוויי יאהר, האט דאס גרעסטע צוטרויען פון דער געשעפטס־וועלט און דאס איך וואלט לאנג נים געטראכט איהם צו טרויען דיא סומע, פיר וועלכע ער האט געמאכט זיין בעשטעלונג. ער איז בע־קאנט אלס בכבוד'ער מענש און פון זיין געשעפט קען מען זעהען, דאס ער איז א בעמיטעלטער און געניטער קויפמאן.

איהר וועט זיין אזוי גוט בענוצען דיזע מעלדונג אהן מיין פעראנטווארט־ליכקייט דערביי, און איהר קענט אימער רעכענען אויף מיינע דיענסטע צו אייך.

מיט אכטונג אייערער.

### 50. INQUIRING AFTER THE HONESTY OF A HOUSE.

*Sir* :—

Trusting to your discretion and the friendship you have always shown towards me, I beg leave to make the following inquiry of you.

I have this moment received an order for sundry goods, to the amount of $1500, from Mr.——, of your place. He offers to pay one half immedialety on receiving the goods, and the other half after three months. Having no acquaintance with this gentleman, and not wishing to trust my goods without knowing to whom, I have taken the liberty of applying to you for your opinion, if I may sell him the goods without any risk.

I shall delay answering his tetter until I receive yours. The information you may give me I shall consider as entirely confidential, whilst I shall be happy to return the favor on all similar occasions.

Most respectfully.

### 51. ANSWER.

*Sir* :—

In answer to your favor of the — inst. I am happy to inform you that Mr.——, who has been established here for the last two years, enjoys the most perfect confidence of the mercantile community, and that I should not hesitate to entrust him with the amount he has ordered. He is known as a man of honorable sentiments, and his business shows him to be a merchant who possesses both means and experience.

You will please to make use of this information without any responsibility on my part, and consider me always at your services.

Yours respectfully.

## 52. צירקולאר־בריעף וועגען דער גרינדונג פון א געשעפט.

**משיקאגא, אפריל 10, 1898.**

**ווערטהער הערר: —**

איך נעהם מיר דיא פרייהייט אייך בעקאנט צו מאכען, דאס איך האב היינטיגען טאג געגרינדעט א געשעפט פון מאָדע־וואארען אן־גרא (האָלסייל), און צו בעטען, אז איהר זאָלט ביי מיר מאכען בעשטעלונגען, וועלכע וועלען גענוי און פינקטליך בעזארגט ווערען.

מיט דער האָפנונג, דאס איהר וועט מיך בעעהרען מיט אייערע בעשטעלונגען, ערלויב איך מיר אייך דא צו שיקען איינגעשלאָסען מיין פרייז־קוראנט, וועלכער וועט געוויס אויף אייך האָבען דיא ווירקונג, דאס איהר זאָלט מאכען מיט מיר געשעפט.

ווען איהר ווילט וועגען מיר מאכען וועלכע עס איז נאכפראגען, קענט איהר אייך ווענדען צו דיא הערערען היי און בראון, וועלכע וועלען גערן ענטפערן אויף אלעס, וואס איהר וועט וועלען וויסען.

**אייער געהארכזאמער דיענער.**

## 53. אן אנדער צירקולאר־בריעף.

**משיקאגא, אפריל 10, 1899.**

**ווערטהער הערר: —**

מיר בעטען אייער ערלויבניס אייך בעקאנט צו מאכען, דאס מיר האבען דיזען טאג געעפענט א געשעפט פון מאָדע־וואארען אן־גרא (האָלסייל) אונטער דעם פירמע־נאמען בלאק און קאמפ.

אונזערע געשעפטליכע פערבינדונגען מיט ניו יארק גיבען אונז דיא מעגליכ־קייט אונזערע קויפער אנצובאָטען פיעלע פערשיעדענע סארטען פון דיא נייעסטע און שעהנסטע ארטיקלען אין דעם פאך פון מאָדע־וואארען.

אונזער קאפיטאל ערלויבט אונז, דאס מיר זאָלען פיר אונזערע פריינד שטעלען דיא לייכטעסטע פרייזען און בעסטע בעדינגונגען, און דעריבער נעהמען מיר אונז דיא פרייהייט צו בעטען, אז איהר זאָלט אונז שיקען אייערע בעשטעל־לונגען.

מיר וועלען אימער שטרעבען צו פערדיענען דאס צוטרויען, וועלכעס איהר וועט אונז שענקען.

**מיט דער גרעסטער אכטונג.**

### 52. CIRCULAR ANNOUNCING THE ESTABLISHMENT OF A BUSINESS.

Chicago, April 10, 1899.

*Dear Sir :—*

I take the liberty of informing you that I have this day established a wholesale dry-goods business, and beg leave to solicit your orders, which will be executed with the utmost care and punctuality.

Hoping you will favor me with your orders, I beg leave to hand you inclosed my price-current, which will no doubt induce you to do business with me.

As to any inquiries you might wish to make, I refer you to Messrs. Hay & Brown, who will be ready to give you any information.

Your obedient servant.

### 53. ANOTHER CIRCULAR.

Chicago, April 10, 1899.

*Dear Sir :—*

We beg leave to inform you, that we have established on this day, in this place, a wholesale dry-goods business, under the firm of Block & Co.

Business relations with New York enable me to offer a well assorted stock of the neswest and most tasteful articles in the above line of business.

Our capital is such that we can allow our friends, as to prices and terms, all possible advantages. We therefore take the liberty of soliciting your orders.

To merit the confidence which may be placed in us, will be always our earnest endeavor.

Most respectfully.

## 54. צירקולאר־בריעף וועגען דעם טוידט פון א שותף.

ווערטהער הערר: —

מיר בעטען ערלויבנים אייך צו מעלדען, דאס וועגען דעם טוידט פון אונזער שותף, הערן דזשיימז בארק, וועט פון דעם 15טען פון נעכסטען מערץ געמאכט ווערען אן ענדערונג אין אונזער פירמע.

דאס קאפיטאל, וואס בלייבט אין אונזער געשעפט, וועט נים פערקלענערט ווערען און דאס געשעפט וועט געפיהרט ווערען גראדע אויף דיא זעלבינע ארט וויא פריהער.

צו רעכטער צייט וועלען מיר אייך געבען צו וויסען וועגען דיא ענדערונגען, וועלכע מיר רעכענען צו מאכען; דערווייל בעטען מיר אייך, אז דער אויבענ־דערמאהנטער פארפאל (דער טוידט פון אונזער שותף) זאל נים אונטערברעכען אייער קאררעספאנדענץ, מיט וועלכער איהר זייט געוועזן אזוי פריינדליך אונז צו בעעהרען פיר אזוי פיעלע יאהרען און וועלכע מיר וועלען אימער שעצען זעהר פיעל.

מיר בעטען אייך איהר זאלט אננעהמען דיא פערזיכערונגען פון אונזער העכסטער אכטונג צו אייך.

## 55. צירקולאר־בריעף וועגען צונעהמען א שותף.

ווערטהער הערר: —

איך האב דיא עהרע אייך צו מעלדען, דאס איך האב מיך ענטשלאסען הערייננצונעהמען אלס שותף אין מיין געשעפט דעם הערן דזשאזעף הוואיט, וועלכער איז זייט פיעלע יאהרע געוועזן דער קאררעספאנדענט פון מיין הויז און צו וועלכען איך האב דאס גרעסטע צוטרויען.

איהר וועט אלזא זיין אזוי גוט און שענקען אויפמערקזאמקייט צו הערן הוואיט'ס אונטערשריפט און איהם צייגען דיא זעלבע פריינדשאפט, וועלכע איהר האט ביז אהער געצייגט צו מיר. אין אלע אנדערע זאכען וועט דאס געשעפט, וויא אויך דער פירמע־נאמען בלייבען וויא געוועזן, און אונזערע בעמיהונגען וועלען, וויא אימער, זיין איבערגעגעבען צו דיא בעסטע אינטערעסען פון אונזערע פריינד.

מיט דער גרעסטער אכטונג.

### 54. CIRCULAR ANNOUNCING DEATH OF A PARTNER.

*Dear Sir :—*

We beg leave to inform you, that in consequence of the death of our Mr. James Bark, an alteration will take place in our firm from the 1st of March next.

The capital employed in our business will, however, not be diminished, and the latter will be carried on on the same principles as heretofore.

In due time, we shall inform you of the alterations we intend to make; until then, we request you not to allow the said event to cause an interruption in your correspondence, with which you have been pleased to honor us for so many years, aud which we shall ever value very highly.

Please to accept the assurance of our highest esteem.

### 55. CIRCULAR ANNOUNCING RECEPTION OF A PARTNER.

*Dear Sir :—*

I have the honor to inform you, that I have determined to receive as partner into my business, Mr. Joseph White, who for years has been the corresponding clerk of my house, and in whom I place the greatest confidence.

You will, therefore, plaese to take note of the signature of Mr. White, and extend to him the same good feelings which you hitherto have shown towards me. In every other respect, the business of the house, as well as its firm, will remain unchanged, whilst our endeavors will as ever be devoted to the best interest of our friends.

Most respectfully.

## 56. ווענען איבערנעהמען א געשעפט נאך איינעמ'ס טוידט.

ווערטהער הערר: —

איך ערפיל דיא טרויעריגע פליכט אייך צו מעלדען וועגען דעם טוידט פון הערן דזשייקאב הארט פון דיזען אָרט.

צו גלייבער צייט ערלויב איך מיר אייך בעקאנט צו מאכען, דאס איך האב אָבגעקויפט ביי דיא יורשים דאס לעדער־געשעפט, וועלכעס דער פערשטאָרבענער האט ביז אהער געפיהרט, וויא אויך אַלע חובות, וואס קומען דעם געשעפט, און דאס איך וועל עס פיהרען גראדע וויא פריהער, נאר אונטער דעם פירמע־נאָמען ה. מאָסס.

איך בעט אייך, אז איהר זאָלט דאס צוטרויען, וועלכעס איהר האט געהאט צו דעם פערשטאָרבענעם, יעצט שענקען צו זיין נאכפאָלגער, וועלכער וועט טהאָן אַלעס וואס איז נאר מעגליך אום עס צו פערדיענען.

איהר וועט זיין אזוי גוט און נעהמען נאָטיץ פון מיין אונטערשריפט און נעהמט אָן דיא פערזיכערונג פון מיין גרעסטער אכטונג צו אייך.

## 57. ווענען איבער־נעהמען אַ געשעפטס־הויז פון אַ סוחר, וואס גיט אויף געשעפט.

ווערטהער הערר: —

אזוי וויא מיין פריינד, הערר טשארלז דזשיימסאָן, ציעהט זיך צוריק פון געשעפט, האב איך איבערגענומען זיין געשעפטס־הויז און וועל עס פיהרען ווייטער, וויא ער האט עס אימער געפיהרט. איך וועל אייך זיין זעהר דאנקבאר, ווען איהר וועט מיר שענקען דאס צוטרויען, וועלכעס איהר האט געהאט צו מיין פאָרגעננער, אונטער דיא זעלבינע בעדינגונגען.

איך פערבלייב, אייער געהאָכזאמער דיענער.

## 58. ענטפער אויף דעם פריהערדיגען בריעף.

מיין הערר: —

איך אנערקען אייער ווערטהען בריעף און איך בעט צו מעלדען, דאס איך וועל מיך פיהלען גליקליך אנצוהאלטען דיא זעלבינע פריינדשאפט, וועלכע האט עקסיסטירט צווישען מיר און אייער פאָרגעננער. מיט דער האפנונג, דאס אייך וועט אזוי גליקען וויא אייער פאָרגעננער, פערבלייב איך,

אייער ערגעבענער דיענער.

56. SUCCEEDING TO A BUSINESS ON ACCOUNT OF DEATH.

*Dear Sir :—*

I fulfil the painful duty to announce to you the death ot Mr. Jacob Hart of this place.

At the same time I beg leave to inform you, that I have purchased from the heirs the leather business hitherto carried on by the deceased with all its debts, and that I shall conduct the same without any alteration, but under the firm of H. Moss.

The confidence, which you have placed in the deceased, please to transfer to his successor, who will do his utmost to merit it.

Please to note my signature and believe me,

Most respectfully.

57. SUCCEEDING TO A BUSINESS ON ACCOUNT OF RETIREMENT.

*Dear Sir :—*

As my friend Mr. Chas. Jameson is retiring from business, I have taken charge of his establishment and shall continue to conduct the same as he has always done. You will oblige me much by transferring the confidence which you placed in my predecessor, to me, under the same conditions.

I remain your obedient servant.

58. ANSWER TO THE FOREGOING.

*Sir :—*

I acknowledge your favor of—, and beg to state that I shall be happy to continue the same amicable relations which have existed between your predecessor and myself. Hoping that you will be quite as successful as your predecessor, I remain

Your obedient servant.

## 59. ציר קולאר־בריעף פון קויפלייט, וועלכע ציעהען זיך צוריק פון געשעפט און רעקאמענדירען זייער נאכפאלגער.

**ווערטהער הערר: —**

מיר גלויבען, דאס עס זיינען דא פיעלע פריינד צווישען דיא, מיט וועלכע מיר זיינען געשטאנען אין פערבינדונג, וואס וועט לייד טהאן צו הערען, דאס מיר האלטען ביי'ן אויפגעבען געשעפט. ביי דעם אויפגעבען פון אונזער געשעפט וועט אונזער הויז און לאגער פון וואארע איבערגעהן צו דיא העררען מייער און קאמפ., וועלכע וועלען צוקינפטיג פיהרען דאס געשעפט אויף דעם זעלבינען גוטען סיסטעם און גרויסען פוס, וויא מיר אליין, ווען זיי וועלען נאר זיין זיכער, דאס זיי וועלען קריגען דיא אונטערשטיצונג (דיא קונדשאפט) פון דיא קויפלייטע, וועלכע זיינען מיט אונז געשטאנען אין פערבינדונג. מיט דער האפנונג, דאס זיי קענען דערויף רעכענען, איז עס אונזער פערגניגען און פליכט צו בעטען, אז איהר זאלט דיזע העררען שענקען אייער אויפמערקזאמקייט. וויא פיעל מיר זאלען זאגען וועגען דעם צוטרויען, וואס מיר האבען צו זייער פרייער האנד אין פיהרען געשעפט און זייער שטרענגער אויפמערקזאמקייט און פינקטליכקייט — וועט אלץ זיין ניט גענוג. מיט דער האפנונג, דאס איהר וועט זיי בעעהרען מיט דער זעלבער פריינדליכקייט, וואס מיר אליין האבען ערהאלטען פון אייער ווירדיגער פירמע, פערבלייבען מיר

אייערע ערגעבענסטע דיענער.

## 60. ביטע וועגען קויפען אקציען אין א פערלאגס־געזעלשאפט.

**מיין הערר: —**

איך בעט אייך איינצושרייבען מיין נאמען אין דעם צעטעל פון דיא אקציענ־טיטגליעדער אין דער „גאזעטע פערלאגס־געזעלשאפט" פיר 10 אקציען צו $5, און איך שליעס דא איין א באנק־אנווייזונג (טשעק) פיר $10 אלס ערסטע איינצאהלונג. וועלכע דארף אויף דעם גערעכנט ווערען.

איך בין, מיין הערר,

אייער געהארכזאמער דיענער.

### 59. RECOMMENDING A SUCCESSOR ON RETIRING FROM BUSINESS.

*Gentlemen :—*

We believe that there are many friends amongst our connection, who will regret to hear that we are just on the point of relinquishing business. In doing so, our premises and stock of goods will be transferred to the hands of Messrs. Meyer & Co., who will, in future, carry on the business on the same approved system and the same extensive scale as ourelves, provided they can rely on receiving the patronage of our connection ; in the hopes of which, it is our pleasure and duty to present these gentlemen to your notice. We cannot speak too highly of the confidence we feel in their liberal mode of conducting business, and their strict attention and punctuality in their mercantile transactions ; and in the hope that they may be honored with the countennece received by ourselves from your respectable firm, we remain

Your most obedient servant.

### 60. APPLICATION FOR SHARES IN A PUBLICATION COMPANY.

*Sir :—*

I beg that you will place my name on the list of share-holders in the Gazette Publication Company for 10 shares at the rate of $5, and herewith inclose a check for $10 as the first instalment payable thereupon.

I am, Sir,

Your obedient servant.

## 61. פון א פאטער, וואס גיט איבער זיין געשעפט צו זיין זוהן.

ווערטהער הערר: —

נאכדעם וויא איך האב מיך פיר פערציג יאהר כסדר אבגעגעבען צו געשעפט, וויל איך מיך יעצט צוריקציעהען. און איך האב דעריבער דיזען טאג איבערגעגעבען מיין גאנצעם געשעפט מיט אלע זיינע אויסשטעהענדע שולדען צו מיין זוהן, סעמיועל בייקער, וועלכער איז פיר דיא לעצטע צעהן יאהר געוועזן מיין מיטהעלפער.

דאנקענדיג אייך פיר דיא פריינדשאפט און גוטסקייט, וואס איהר האט מיר געצייגט, בעט איך אייך, אז איהר זאלט דיא זעלבינע אויך צייגען מיין זוהן, וועלכער וועט וויטער פיהרען דאס געשעפט אהן קיין שום ענדערונג, אויף זיין אייגענע רעכענונג.

איך פערבלייב, מיט ריכטיגער אכטונג צו אייך,

אייער געהארזאמער דיענער.

## 62. צו א פירמע, וועלכע זוכט א געשעפטס־דיענער.

מיינע הערען:

זעהענדיג פון אייער אנאנסע (בעקאנט־מאכונג) אין דעם "הערא לד" פון שבת, דאס איהר דארפט האבען א מענשען אין געשעפט, ערלויב איך מיר דא איינצושליעסען מיינע צייגניסע און איך נעהם מיר דיא דרייסטיגקייט צו האפען, דאס מיט מיין פריהערדיגער פראקטיק אין דעם געשעפטס־פאך, וועלכען איהר טרייבט, וואלט איך קענען זיין ניצליך אין אייער געשעפטס־הויז. מיין ארט לעבען קען גאראנטירען דאפיר, דאס איך וועל ריכטיג ערפילען מיינע פליכטען, און איך קען אייך נאר פערזיכערן, דאס ווען איהר וועט מיך בעעהרען מיט אייער צוטרויען, וועל איך ניט שפארען קיין מיה צו טהאן מיינע פליכטען אויף אזא ארט, דאס איהר זאלט זיין צופריעדען.

איך פערבלייב, מיינע הערען,

אייער געהארזאמער דיענער.

### 61. FROM A FATHER TRANSFERRING HIS BUSINESS TO HIS SON.

*Dear Sir :—*

After a peried of many years, which I have continually devoted to business, it is my intention to retire from business. I have, therefore, on this day, transferred the whole of my business with all its debts, to my son, Samuel Baker, who for the last ten years has been my assistant.

Thanking you for the friendship and kindness, which you have shown to me, I request you to extend same to my son, who will continue the business without the least alteration, for his own account.

I remain, with sincere regard,
Your obedient servant.

### 62. TO A FIRM SEEKING A CLERK.

*Gentlemen :—*

Perceiving by your advertisement in the *Herald* of saturday, that you are in want of a clerk, I beg to inclose testimonials, and venture to hope that from my previous experience in the line of business you pursue, I should be of some use in your establishment. My habits of life are such as to assure regularity in the discharge of my duties, and I can only assure you that, should you honor me with your confidence, I shall spare no pains to acquit myself to your satisfaction.

I remain, Gentlemen,
Your obedient servant.

## 63. א צווייטער בריעף צו דער זעלבינער פירמע, נאָכדעם ווי א עס איז ערהאַלטען געוואָרען אן ענטפער.

מיינע הערען: —

אין אנטוואָרט אויף אייער פראגע וועגען דעם געהאַלט, וועלכען איך ער־ווארט, ערלויב איך מיר צו זאָגען, דאָס איך בין גאנץ צופריעדען מיט דעם געהאַלט, וואָס איהר לעגט מיר פאָר. און איך קען אייך פערזיכערען, דאָס ווען מיר וועלען זיך ענדליך אייניגען, וועל איך אָנווענדען אלע מעגליכע מיהע צו פערדיענען דאָס צוטרויען, וועלכעס וועט מיר ווערען געשענקט. וואָס אנבעטרעפט די גאראנטי, וועלכע איהר פערלאַנגט, רעכען איך, אז הערען סאמסאָנ'ס נאָמען וועט זיין גאנץ גענוג.

איך פערבלייב, מיינע הערען,
אייער געהאָרכזאמער דיענער.

## 64. נאָכפראַגען וועגען דעם כאַראַקטער פון א געשעפטס־דיענער.

ווערטהער הערר: —

א מאַן מיט'ן נאָמען מייערס איז היינט צו מיר געקומען און האָט פערלאַנגט א שטעלע אַלס א דיענער אין געשעפט. אזוי ווי ער זאָגט מיר, דאָס ער איז פריהער געווען אָנגעשטעלט ביי אייך, וועט איהר מיר טהאָן א געפאַלען, ווען איהר וועט מיר געבען צו וויסען, אויב ער איז א פערזאָן, אויף וועלכע מען קען זיך פערלאָזען, און אויב איהר דענקט, דאָס ער וועט זיין גוט צו מיין זאַך.

טרייליך אייערער.

## 65. ענטפער.

ווערטהער הערר: —

הערר מייערס, אויף וועמען איהר פרעגט נאָך, איז געווען אַכט יאָהר אין מיין געשעפט און איך בין די גאנצע צייט געווען פאָלשטענדיג צופריעדען מיט זיין אויפפיהרונג. מיט פערגניגען גאראנטיר איך פיר זיין כאַראַקטער און איך רעקאָמענדיר איהם אַלס א פעהיגען מענשען.

טרייליך אייערער.

### 63. A SECOND LETTER TO THE SAME FIRM AFTER RECEIVING AN ANSWER.

*Gentlemen :—*

In answer to your question as to the salary I should expect, I beg to express my perfect satisfaction with the offer you propose, and can assure you that, should we ultimately come to terms, no pains will be spared on my part to deserve the confidence imposed in me. With regard to the guarantee required, Mr. Samson's name will, I trust, be satisfactory.

I remain, Gentlemen,
Your obedient servant.

### 64. INQUIRIES RESPECTING THE CHARACTER OF A CLERK.

*Dear Sir :—*

A man by the name Myers, called upon me to-day and asked employment in the capacity of a clerk. As he tells me that he was formerly engaged by you, you would oblige me by informing me whether he is trustworthy, and if you think he would answer my purpose.

Yours truly.

### 65. ANSWER.

*Dear Sir :—*

Mr. Meyers, about whom you make inquiries, was eight years in my employ, and always behaved to my entire satisfaction. With pleasure I answer for his character, and recommend him as a man of ability.

Yours truly.

## 66. אן אנדער ענטפער.

ווערטהער הערר: —

הערר מייערס, אויף וועמען איהר פרענט נאך, פערדיענט נים דאס מינ־דעסטע צוטרויען, ווייל אין דיא איינינע וואכען, וואס ער איז ביי מיר געוועזען בעשעפטיגט, האט ער זיך הערויסגעוויזען אלס אן אונעהרליכער מענש, און איך האב איהם דעריבער אוועגגעשיקט.

טרייליך אייערער.

## 67. א בריעף אימעצן פארצושטעלען.

מיין ווערטהער הערר: —

ערלויבט מיר אייך פארצושטעלען מיין פריינד, דייוויד בורנער, וועלכער איז א בעזואוסטער לעהרער אין דיזען ארט. יעדע אויפמערקזאמקייט, וועלכע איהר וועט איהם קענען שענקען, וועט ביי מיר זיין פעררעכענט פיר א פערזענליכע טובה.

זעהר טרייליך אייערער.

## 68. אן אלגעמיינע פארשטעלונג און רעקאמענדאציאן.

צו דעם יענינען, וועמען דאס אינטערעסירט: —

דער בעזיצער פון דיזען צייננים, הערר דייוויד בורנער, איז אונז גוט בע־קאנט אלס א זעהר אנשטענדינער יונגער מאן מיט מעלות, וועלכע קענען איהם מאכען ניצליך אין יעדען אמט (שטעלע), וואס פארדערט צוטרויען. ער קען גרינדליך דיא בוכהאלטעריע און עטליכע שפראכען. מיר וועלען מיט פרייד ענטפערן אויף יעדע נאכפראגע וועגען איהם.

בראון און סאמסאן.

### 66. ANOTHER ANSWER.

*Dear Sir :—*

Mr. Meyers, about whom you make inquiries, does not deserve the least confidence, for in the few weeks he spent in my employ, he proved himself to be a dishonest person, wherefore I sent him away.

Yours truly.

### 67. LETTER OF INTRODUCTION.

*My Dear Sir :—*

Allow me to introduce to you my friend, David Burger, a distinguished teacher of this place. Any attention you may be able to show him will be a personal favor.

Yours most truly.

### 68. GENERAL LETTER OF INTRODUCTION.

*To whom it may concern :—*

The bearer, Mr. David Burger, is well known to us as a very estimable young man, possessing qualifications which will render him serviceable in any posistion of trust. He is a thorough bookkeeper and familiar with several modern languages. We will cheerfully answer to all inquiries about him.

Brown & Samson.

## 69. אַ ביטע וועגען אַ רעקאָמענדאַציאָנס־בריעף.

ווערטהער הערר :—

אַזוי וויא איך רעכנע אָבצופאָהרען אין איינינע טעג הערום נאָך באַלטימאָר, בעט איך אייך מיט רעספּעקט, אַז איהר זאָלט מיר געבען אַ רעקאָמענדאַציאָנס־בריעף צו הערר דזשייקאָב גרין, אייער פריינד; זיין פריינדשאַפט וועט מיר זעהר פיעל צוניץ קומען.

איך פערבלייב, מיין הערר, אייערער או. אז. וו.

## 70. וועגען איבערגעבען אַ רעקאָמענדאַציאָנס־בריעף.

מיין הערר.

איך פערלאַנג פון אייך, אַז איהר זאָלט מיר געפעלינסט לאָזען וויסען דעם טאָג און דיא שטונדע, ווען איך קען צו אייך קומען, אום אייך איבערצוגעבען דעם רעקאָמענדאַציאָנס־בריעף, וועלכען הערר דזשאָהנסאָן, פון ניו יאָרק, האָט מיר געגעבען צו אייך.

איך האָב דיא עהרע צו זיין, מיין הערר,

אייער געהאָרכזאַמסטער דיענער.

## 71. ביטע וועגען בעשעפטיגונג צו אַ סעקרעטער פון אַן אייזענ־באַהן געזעלשאַפט.

געשעצטער הערר :—

אַזוי וויא איך פערלאַנג צו קריעגען אַ שטעלע אַלס קאָנדוקטאָר ביי דער „עלעווייטעד ריילוויי קאָמפּאַני" (געזעלשאַפט פון דער הויכ־באַהן), פיר וועלכע איך גלויב, אַז איך בין גאַנץ פעהיג, בעט איך אייך, אַז איהר זאָלט זעהן הערני דזשאָרדזש'ס רעקאָמענדאַציאָנס־בריעף פיר מיך, וועלכער ליעגט דאָ איינגעשלאָסען און וועלכער, וויא איך האָף, וועט אייך צופריעדען שטעלען.

ווען איך וועל דורך אייער הילף קריעגען דיא שטעלע, וועלכע איך זוך, וועל איך אייך דאַנקבאַר זיין אויף דער העכסטער שטופע.

איך פערבלייב, געשעצטער הערר,

אייער ערגעבענער דיענער.

### 69. ASKING A LETTER OF RECOMMENDATION.

*Dear Sir :—*

As I intend to set off within a few days for Baltimore, I respectfully request you to give me a letter of recommendation to Mr. Jacob Green, your friend, whose acquaintance will prove very useful to me.

I am, dear Sir, yours, &c.

### 70. ABOUT PRESENTING LETTER OF RECOMMENDATION.

*Sir :—*

I wish you would kindly let me know the day and hour I may call on you, in order to present to you the letter of recommendation which Mr. Johnson, of New York, gave me to you.

I have the honor to be, Sir,
Your most obedient servant.

### 71. APPLICATION FOR EMPLOYMENT TO A SECRETARY OF A RAILWAY COMPANY.

*Esteemed Sir :—*

Feeling desirous of obtaining a situation as a conductor in the service of the Elevated Railway Company, for which I believe myself fully competent, I refer you to the enclosed letter of recommendation from Mr. Henry George in my favor, which I hope may prove satisfactory.

Should I, by your kind assistance, obtain the situation I seek I will be most grateful to you.

I remain, esteemed Sir,
Your humble servant.

# II.

# פאמיליען און פריינדשאפטס־בריעף.

### 1. בעגריסונג צו דעם געבורטס־טאג פון א פאטער אדער א מוטער.

טהייערער פאטער (אדער: טהייערע מוטער): —

אין איינינע טעג הערום וועט געפייערט ווערען דיין געבורטס־טאג. עס טהוט מיר זעהר לייד, דאס איך קען ניט זיין מיט דיר צוזאמען, אבער איך וועל אויסדריקען מיין ליעבע און דאנקבארקייט אין א בריעף, וויסענדיג ביי מיר, אז דאס וועט ביי דיר זיין אנגענעהם. טהייערער פאטער, מיין הערץ איז ווירק־ליך אימער ערפילט מיט ליעבע און דאנקבארקייט צו דיר, איבערהויפט היינט, ווען דיא געדאנקען וועגען דיין געבורטס־טאג עראינערן מיך אן פיעלע בע־ווייזע פון ליעבע און גוטסקייט, פיר וועלבע איך האב צו דאנקען דיר און מיין טהייערער מוטער. מיט וואס פיר א גוטסקייט האט איהר אימער פיר מיך גע־זארגט, וויא פיעלע אפפער האט איהר פון מיינטוועגען געמאכט, מיט וואס פיר א זארג האט איהר אימער פון מיר בעזייטיגט יעדע שעדליכע זאך. מיט טיעפע געפיהלע אנערקען איך וויא גרויס אייער ליעבע איז צו מיר, און איך וועל מיך אימער בעמיהען צו פערדיענען דיזע ליעבע דורך מיין געהארכזאמקייט צו אייך, דורך מיין פלייסיגקייט און דורך מיין גוטע אויפפיהרונג.

דאס איהר זאלט האבען לאנגע יאהר איז דער הייסעסטער וואונש

פון אייער אימער דאנקבארען זוהן (אדער: דאנקבארער טאכטער).

# II.

# FAMILY AND FRIENDSHIP LETTERS.

## 1. CONGRATULATION ON THE BIRTHDAY OF A FATHER OR MOTHER.

*Dear Father* (or *Mother*) : —

In a few days your birthday will be celebrated. I am extremely sorry I cannot be with you, but I will express my affection and gratitude in a letter, knowing that that will be agreable to you. Indeed, dear father, my heart is ever filled with affection and gratitude, but particularly to-day, when the thoughts of your birthday recall to my mind the innumerable testimonials of affection and kindness, for which I am indebted both to you and to my dear mother.

How kindly have you ever provided for me, how many sacrifices have you made for me, how carefully have you removed from me every thing, that might prove injurious to me. With deep emotion I acknowledge the greatness of your love, and I shall evermore endeavor to render myself worthy of this love by obedience, industry, and good conduct.

That your life may be a long one, is the most fervent wish of

Your ever grateful son (*or* daughter).

## 2. נאָך א בריעף.

טהייערער פאטער (אָדער: טהייערע מוטער): —

איך האלט עס פיר איינע פון דיא גרעסטע פליכטען פון מיין לעבען דיר אויסצודריקען מיין קינדליכע אכטונג. דיין געבורטס־טאָג גיט מיר ווידער א געלעגענהייט דאָס צו טהאָן, און איך בעגניג מיך מיט דיזער געלעגענהייט דיר צו שיקען אין דעם פּאקעט, וועלכער געהט מיט דיזען בריעף, א קליינעם בעווייז פון מיין ריכטיגער אכטונג און קינדליכער ליעבע. איך ווינש מיר צו זעהן, וויא דוא וועסט פייערן דיין געבורטס־טאָג אויף דער עלטער און איך ווינש, אז דוא זאָלסט זיין געזונד און צופריעדען דיין גאנצעס לעבען,

דיין געהאָרכזאמער זוהן.

## 3. צו א ברודער.

טהייערער ברודער: —

איך קען דיין געבורטס־טאָג ניט לאָזען פארבייגעהן אזוי, איך מוז דיר שיקען איינינע צייֵלען און דיר ווינשען פרייד און גליק. דוא ווייסט, אז איך האָב ניט ליעב צו זאָגען פיעל, אָבער איך מיין עס גוט. מיין וואונש איז, אז דוא זאָלסט האָבען גליק אין אַלע דיינע אונטערנעהמונגען; איבערהויפּט ווינש איך דיר, אז דוא זאָלסט זיין געזונד און צופריעדען. אז דוא זאָלסט לעבען לאַנג און גליקליך, טהייערער ברודער, איז דער ווירקליכער וואונש

פון דיין ליעבענדען ברודער.

## 2. ANOTHER LETTER.

*Dear Father* (or *Mother*) :—

I consider it one of the principal duties of my life to express to you my filial veneration. Your birthday again offers me one of these opportunities, and I avail myself of it to send you, in the accompanying parcel, a trifling testimonial of my sincere respect and filial affection. May I see you celebrate your birthday in old age, and may health and contentment be your portion to the end of your days.

Your obedient son.

## 3. TO A BROTHER.

*Dear Brother* :—

I cannot allow your birthday to pass without sending you a few lines to wish you joy and happiness. You know, I am not fond of saying much, but I mean well. May you be successful in all your undertakings, but above all, may you enjoy good health and contentment. That your life may be long and prosperous, dear brother, is the sincere wish of

Your affectionate brother.

## 4 צו א שוועסטער.

**טהייערע שוועסטער: —**

ערלויב מיר דיר אוסצודריקען מיינע בעסטע ווינשע צו דיין געבורטס־טאָג. איך וויס, דוא וועסט זיי אויפנעהמען מיט דער זעלביגער ליעבע, מיט וועלכער איך שיק זיי דיר. מיין וואונש איז, אז דיזער טאָג זאָל אימער שמייכלען צו דיר וויא ער האָט צו דיר געשמייכעלט ביז יעצט, אז דוא זאָלסט איהם אָפט פייערן צוזאַמען מיט אונזערע געליעבטע עלטערן, דאָס זיי זאָלען ניט שטעהן אליין און בעטראַכטען דיזען טאָג מיט א טרויעריגער עראינערונג.

דעם הוט, וועלכען איך שיק דיר צוגלייך מיט דיזען בריעף, זאָלסטו טראָגען מיר צוליעב, און ווען נאָר דוא וועסט אין איהם געניעסען אן אנגענעהמע שטונדע, זאָלסטו זיך דערמאָהנען אן מיר.

אדיע הײנטיגען טאָג, זיי גליקליך אין דיין געבורטס־טאָג, און צווישען דיינע פריינד זאָלסטו ניט פערגעסען

**דיין ליעבענדע שוועסטער (אָדער: ליעבענדען ברודער).**

## 5. צו א פעטער, פון א פלעמעניק אָדער פון א פלעמעניצע.

**טהייערער פעטער: —**

איך בעט איהר זאָלט פון מיר אָננעהמען פיר אייער קומענדיגען געבורטס־טאָג דיא פערזיכערונג פון מיין ריכטיגסטער ליעבע און אכטונג צו אייך. איהר האָט מיר נעגעבען אזוי פיעלע בעווייזע פון אייער פריינדליכקייט, איהר האָט מיר אזוי אָפט געפיהרט מיט אייער ראַטה, אזוי אָפט געשטיצט, דאָס איך וואָלט נעדאַרפט זיין א מענש אָהן א געפיהל ניט צו אנערקענען, וויא גליקליך איך בין, וואָס איהר זייט מיר א פערוואַנדטער. איך ווינש, אז איהר זאָלט דערלעבען ביז עלטער און ווייטער פייערן דיזען יום־טוב פיר פיעלע, פיעלע יאָהרען.

**אייער פלעמעניק (אָדער: פלעמעניצע).**

### 4. TO A SISTER.

*Dear Father:—*

Allow me to present to you my best wishes for your birthday. I know you will receive them with the same affection with which I send them. May this day ever smile to you, as it has done till now, may you often celebrate it in the circle of our dearly beloved, that our parents may not stand alone and look back with a sad recollection to this now happy day.

The accompanying bonnet wear for my sake, and whenever you enjoy a pleasant hour in it, think of me.

Farewel for to-day, be happy on your birthday, and among your friends forget not

Your loving sister (*or* brother).

### 5. TO AN UNCLE, FROM A NEPHEW OR NIECE.

*Dear Uncle:—*

I beg you to accept, in your approaching birthday, the assurance of my sincerest love and respect. You have given me so many proofs of your kindness, have so often advised me, so often assisted me, that I should be void of all feeling, if I did not acknoweledge how happy I am to be one of your relatives. May you live to an old age, and may you celebrate this festive day for many, many years to come.

Your nephew (*or* niece).

## 6. צו א מוהמען, פון א פלעמעניצע (ניכטע).

**טהייערע מוהמע:—**

היינט איז אייער געבורטסטאג, וועלכער איז פיר מיך א טאג פון פרייד. איך האף, אז איהר וועט נאך פייערן דיזען טאג זעהר פיעלע מאל. איהר זייט פיר מיך אימער געוועזן א מוסטער און היינט איבערהויפט האב איך ווידער פעסט בעשלאסען צו קוקען אויף אייך און צו ווערען א זעלבע וויא איהר זייט.

**אייער ליעבענדע ניכטע.**

## 7. צו א ויידען אדער א באבען.

**טהייערער זיידע (אדער: טהייערע באבע):—**

היינט איז אייער זיעבציגסטער געבורטס־טאג און איך מוז אייך שרייבען אייניגע צייל̈ען אום אייך צו פערזיכערן דיא ליעבע און דיא אכטונג, וועלכע איך פיהל צו אייך. אויסער מיינע עלטערן איז קיינער מיר ניט אזוי ליעב וויא איהר, און אויסער מיינע גוטע ווינשע פיר זייא, זיינען קיינע ניט א זעלבע הייסע וויא דיא וועלכע געהען צו אייך. דער יעצטיגער צושטאנד פון אייער געזונדהייט גיט אונז האפנונג, דאס איהר וועט נאך לאנג בלייבען צווישען אונז.

מיט דער האפנונג, דאס איך וועל נאך פיעלע מאל האבען דיא געלעגענהייט אייך אויסצודריקען, פערזעגליך אדער דורך בריעף, מיינע בעסטע ווינשע צו דעם טאג פון אייער געבורט, פערבלייב איך

**אייער ערגעבענער (אדער: ערגעבענע) אייניקעל.**

## 8. צו א פריינד.

**ליעבער פריינד:—**

בעגריסונגען צו א געבורטס־טאג מעגען בעטראכטעט ווערען אלס א מאדע, אבער דוא ווייסט דאך, אז מיין שרייבען איז ניט אין דיזען גייסט: ניט ווייל עס איז א מאדע שרייב איך היינט צו דיר, נאר ווייל מיין הערץ צווינגט מיך היינט דיר אויסצודריקען דעם וואונש, דאס דוא זאלסט צייט דיין גאנצען לעבען זיין געזונד, צופריעדען און גליקליך וויא ביז אהער, און האבען צו מיר יענע פריינדשאפט, וועלכע איז בייא מיר פערדעכענט פיר איינס פון דיא גרעסטע גליקען אין לעבען.

**דיין ליעבענדער פריינד.**

6. TO AN AUNT FROM A NIECE.

*Dear Aunt :—*

To-day is your birth-day, for me a day of rejoicing. I hope that you wil celebrate this day very many times. You have always been a model for me, and to-day in particular have I formed again the firm resolution to become more and more like you.

Your affectionate niece.

7. TO A GRANDFATHER *or* GRANDMOTHER.

*Dear Grandpapa* (or *Grandmama*) :—

To-day is your seventieth birth-day and I must write you a few lines, to assure you of the love and veneration which I feel for you. There is nobody besides my parents, so dear to my heart as you, and next to my wishes for their welfare, none are so fervent as those which go to you. The present state of your health allows us to hope that you will still dwell amongst us for a long time.

Hoping that I shall still many a time have an opportunity of expressing to you either personally, or in writing, my best wishes on the anniversary of your birth, I remain

Your devoted grandson (*or* granddaughter).

8. TO A FRIEND.

*Dear Friend :—*

Cougratulations on the return of a birth-day may be looked upon as a custom, but you know that it is not in this spirit that I write to you. It is not because it is fashionable, but because my heart impels me, that I write to you to-day. May you enjoy health, contentment and happiness to the end of your days, and continue to entertain for me that friendship which is one of my greatest blessings.

Your affectionate friend.

## 9. פון איינעם צו זיינער א פריינדין.

ווערטהעס פרײלײן : —

איך האב מיט אונגעדולד געווארט אויף דעם טאג, אין וועלכען איך זאל אייך קענען אויסדריקען, וויא פיעל איך שעץ אייך און וויא היים עס זיינען מיינע ווינשע פיר אייער גליק. איך בין ניט קיין פראזען־מאכער. אויך דריקען שעהנע פראזען ניט אוים דיא געפיהלע פון הערצען, און איך וויים, דאס איהר זייט איבערצייגט, אז אייער גליק, אייער וואוילקייט און צופריעדענהייט זיינען מיינע טעגליכע פערלאנגען. איך ווינש אייך פיעל גליק ניט נאר היינט, אייער געבורטס־טאג, נאר יעדען טאג פון אייער ליעבען, און איך בעט אייך, אז איהר זאלט עמפּ־פאנגען דאס „אנדענקען," וואס איך שיק אייך מיט דיזען בריעף, אלס א קליי־נעם בעווייז פון מיין אכטונג צו אייך. זאל עס אייך אימער ערינערן אן דעם יע־ניגען, וועלכער וועט אייך אימער געדענקען מיט ליעבע.

מיט דער גרעסטער אכטונג, אייער געליעבטער.

## 10. פון א דאמע צו איהר געליעבטען.

טהייערער טשארלז : —

וואס וואלט איך פארט ניט געבען, ווען דיא ליעבע זאל מיר געבען פליגעלען צו פליעהען צו דיר צו דיין געבורטס־טאג! וויא גליקליך בין איך, וואס איך וויים, אז דוא ביסט מיינער. דיזע איבערצייגונג ערפילט מיין הערץ מיט פרייד און צווינגט מיך דיר צו שיקען מיינע בעסטע ווינשע פיר דיין געזונדהייט און גליק. נעהם אויך אן דאס קליינע געשענק, וועלכעס בעגלייטעט דיזע צייכען, מיינע הענד האבען עס אליין געמאכט; איך וויים, אז עס וועט ביי דיר זיין טהייער. אז דוא זאלסט באלד קומען צוריק איז דער וואונש פון

דיין אנניע.

9. FROM A GENTLEMAN TO A FEMALE FRIEND.

*Dear Miss :—*

I have longed for the day which again would furnish me with an opportunity of expressing to you, how highly I esteem you, and how fervent are the wishes which I entertain for your happiness. I am not given to making phrases, nor do fine phrases express the sentiments of the heart, and I know that you are convinced that your happiness, welfare and contentment are the objects of my daily solicitations. I simply wish you much happiness, not only to-day, your dirth-day, but all the days of your life, and beg you to receive the accompanying "souvenir" as a trifling testimony of my respect. May it always remind you of him who will always remember you affectionately.

Yours most respectfully.

10. FROM A LADY TO HER LOVER.

*Dear Charles :—*

What would I not give, if on the anniversary of your birthday, love would lend me wings to fly to you! How happy am I, that I know you to be mine. This conviction fills my heart with joy and urges me to send you my best wishes for your health and happiness. Accept also the little present which accompanies these lines, my own hands have made it. I know it will be dear to you. That you may soon return is the wish of

Your Annie.

## 11. גליק־וואונש צו עלטערן צום נייען יאָהר.

**טהייערע עלטערן: —**

דאָס פערנאָנגענע יאָהר עראינערט מיך אַן אַלע בעווייזע פון הערצליכער ליעבע, וועלכע איך האָב אין איהם פון אייך ערהאַלטען און פאָרדערט פון מיר אייך אויסצודריקען מיין הייסעסטען דאַנק. איך ווינש, אַז דער אָנפאַנג פון דעם נייען יאָהר זאָל אייך ברענגען גליק און געזונדהייט; דאָס גוטס, וואָס אייערע קינדער ווינשען אייך יעצט, ווינשען זיי זיך אַליין, ווייל אייער גליק איז אויך זייער גליק. הלוואי זאָלט איהר אימער זיין אַזוי גליקליך וויא איהר זייט געוועזען אין דעם פאָריגען יאָהר און הלוואי זאָל אַלעס, וואָס קען בעגליקען דעם מענשען אויף דער וועלט, זיין אייער טהייל אין לעבען.

זייט געזונד, טהייערע עלטערן, און ליעבט מיך וויא אימער. גריסט מיינע טהייערע ברידער און שוועסטער, קוסט זיי פון מיינט וועגען און זייט זיכער, דאָס איך וועל אימער פערבלייבען אייער דאַנקבאַרער זוהן.

## 12. ניי־יאָהרס גליק־וואונש צו אַ פאָטער אָדער מוטער.

**טהייערער פאָטער (אָדער: טהייערע מוטער): —**

נים ווייל עס איז מאָדע צו ווינשען, נאָר ווייל מיין הערץ הייסט עס מיר, ווינש איך דיר גליק צום נייען יאָהר. יע, פון מיין הערצען ווינש איך, אַז דיזעס יאָהר זאָל דיר ברענגען גליק, און מעהר פאַר אַלעם איז מיין וואונש, אַז דוא זאָלסט אימער זיין געזונד, וואָס אָהן דעם קען קיין גליק נים געמאָלט זיין. אַלע קינדער זיינען שולדיג אַ גרויסען דאַנק צו זייערע פאָטערס (אָדער מוטערס), אָבער מיין דאַנקבאַרקייט דאַרף זיין פיעל גרעסער וויא פון אַנדערע קינדער, ווייל דיא אויפאָפּפערנדע ליעבע, וועלכע דוא האָסט צו מיר געוויזען פון מיין פריהעסטער קינדהייט אָן, איז זעלטען צו טרעפען אפילו צווישען פאָטערס (אָדער: מוטערס). וועלכע אָפּפער קאָסט עס דיר נאָך יעצט אום מיר צו געבען דיא מעגליכקייט צו לערנען מיין פּראָפעסיאָן וויא נעהעריג איז, און וויא זאָל איך דיר דאַנקען פיר דיזע גרויסע אָפּפער! ווערטער זיינען נאָר אַ קליינער בעוויז פון מיין דאַנקבאַרקייט, אָבער איך האָף, דאָס איך וועל נאָך אַ מאָל זיין אין שטאַנד צו בעווייזען מעהר אַלס דורך ווערטער, דאָס איך בין

**דיין דאַנקבאַרער זוהן (אָדער: דאַנקבאַרע טאָכטער).**

### 11. CONGRATULATION FOR THE NEW YEAR, TO PARENTS.

*Dear Parents* :—

As the old year is passing away, I am reminded of all the proofs of heartfelt affection which, in its course, I have received from you, and feel myself called upon to express to you my sincerest thanks. May the beginning of the new year bring to you prosperity and health. The good wishes, which your childern express on this occasion, are selfishwishes. May you continue to be as happy as you have been the past year, and may all that can delight man upon earth be your portion.

Farewell, dear parents, and continue to love me. Give my love to my dear brothers and sisters, kiss them for me, and believe that I shall always remain

Your grateful son.

### 12. CONGRATULATION FOR THE NEW YEAR, TO A FATHER.

*Dear Father* :—

Not because it is customary, but because my heart prompts me, do I wish you a happy new year. Yes, from my heart do I wish that this year may be a happy one, but above all I wish you that which is most essential, and without which there is no happiness — constant health. Believe me ever

Your loving son.

## 13. ניי־יאָהרס וואונש צו אַ ברודער אָדער שוועסטער.

טהייערער ברודער (אָדער: טהייערע שוועסטער) : —

דאָס שיקזאַל האָט אונז זייט יאָהרען צושיידט, אָבער אין מיין הערצען ביסט דוּא אימער געבליעבען נאָהענט. אין מיין הערצען האָט זיך אימער אויפגעוועקט אַ הייסעס בענקען דיך צו זעהן, און עס טרייבט מיך דיר צו שיקען מיינע בעסטע ווינשע צו דעם קומענדיגען נייען יאָהר. איך ווינש, אַז דוא זאָלסט אין דעם קומענדיגען יאָהר זיין געבענשט מיט גליק, אום דוא זאָלסט מיט אַ געזונדען און פרעהליכען הערצען קענען פערברענגען דיינע טעג צווישען דיינע נייע פריינד אין דיין נייען אָרט. וואָס פיר אַ פערגניגען וואָלט עס זיין, ווען מיר וואָלטען ווידער קענען צוזאַמען פערברענגען דיא וויכטיגסטע טעג פון אונזער לעבען! אַ וויא איך ווינש, אַז דיזעס זאָל ערפילט ווערען, דען מיר האָבען אימער געלעבט אין פריעדען, און איך בין זיכער, אַז דוא קענסט אויך ניט בלייבען גלייכגילטיג צו זעהן דיזע ברידערליכע (אָדער: שוועסטערליכע) באַנדען געטרענט אויף אימער. דיא ערפילונג פון מיין וואונש ווענדט זיך איבערהויפּט אָן דיר, און איך האָף, אַז דוא וועסט טהאָן דיין בעסטעס דיזען וואונש צו בעפריעדיגען און ניט פערגעסען דיין חיים אין דער פרעמד.

דיין ליעבענדער ברודער (אָדער: ליעבענדע שוועסטער).

## 14. ניי־יאָהרס וואונש צו אַ פריינד.

טהייערער פריינד : —

אַ דאַנק דיר, טויזענדער דאַנקען פיר דיין ליעבע און פריינדשאַפט, וועלכע האָבען בעציערט דיא בעסטע יאָהרען פון מיין לעבען. הלוואי זאָל עפּעס אַ נוטער שטערן בעלייכטען דעם וועג, וועלכען דוא האָסט אויסגעוועהלט, און דיך פיהרען זיכער צו דעם ציעל פון דיין וואונש. דיין גליקזעליגקייט וועט אימער זיין מיינע; דוא קענסט מיך און דוא ווייסט מיינע געפיהלע.

נאָך אַ מאָל ווינש איך דיר אַ גליקליכעס יאָהר! אבוואָהל מיין הערץ ווינשט דיר גליק יעדע שטונדע אין טאָג, און יעדען טאָג אין יאָהר, פון דעסטוועגען קען איך ניט פערפעהלען אויסצודריקען דיזע געפיהלע דיזען טאָג. פיעללייכט וועט אונז אונזער מזל ווידער צוזאַמענברענגען און דאַן וועלען מיר גוט מאַכען דעם שאָדען, וואָס מיר זיינען געווען געשיידט אזוי לאַנג און איבערהויפּט דיזען טאָג.

דיין געטרייער.

### 13. CONGRATULATION FOR THE NEW YEAR, TO A BROTHER.

*Dear Brother*:—

Fate has separated me for years, but from my heart you have never been absent; an ardent longing to see you, once more has arisen in my heart, and prompts me to send you my best wishes for the approaching new year. May you prosper during the coming year, that in good health and with a cheerful heart you pass your days among your new friends in your new place. How delightful if we could again spend the most important days of our life together! Oh, how I wish that this might take place, for we always lived in harmony, and I am certain that you cannot look with indifference upon the prospect of seeing these sisterly bonds severed for ever. The accomplishment of my wish depends mostly upon you; that you will do your best to gratify it, and not forget your home in foreign lands, I expect with confidence.

Your affectionate sister.

### 14. NEW YEAR'S WISHES TO A FRIEND.

*Dear Friend*:—

Thanks, a thousand thanks for the affection and kindness which embellished the last years of my life. May fortune continue to smile upon you. May some favorable star light up the path you have selected, and guide you safely to the goal of your wishes. Your welfare will always be mine; you know me — you know my sentiments.

Once more I wish you a happy new year! and though my heart wishes you happiness every hour of the day, and every day in the year, yet I cannot omit to express these sentiments on this day particularly. Perhaps our lucky stars will soon bring us together again, when we will indemnify ourselves for having been separeted so long and particularly on this day.

Yours truly.

## 15. גליק־וואונש צו דער פערהייראטהונג פון א ברודער.

טהייערער ברודער: —

דוא און דיין טהייערע רחל זיינען יעצט פעראייניגט אויף אייביג! א טהייערער ברודער, ווען דוא וואלסט נאר געקענט לעזען אין מיין הערצען, וויא דיין גליק פרייט מיך! א ווען איך וואלט קענען גלייך פליהען צו דיר צו בעטראכטען דיין גליק מיט מיינע אייגענע אויגען — אבער דיזעם פערגניגען וועל איך נאך פיר א געוויסע צייט נים קענען האבען. מיינע פרינציפאלען וועלען מיר ביז נעכסטען יאהר נים ערלויבען דיר צו מאכען א בעזוך פיר א פאאר וואכען; און אזוי וויא איך בין זאנסט רעכט צופריעדען מיט מיין שטעלע, מוז איך האבען געדולד צוווארטען ביז דאן. מיין פערגניגען דיך הערומצונעהמען, מיין נייע שוועסטער, און פיעללייכט אויך א קליינעם פלעמעניקעל אדער קליינע פלעמעניצע וועט דאן זיין נאך גרעסער.

זיי געזונד, טהייערער ברודער. און פערגעס נים אין דיא ארמס פון דיין פרוי

דיין טרייע שוועסטער.

## 16. גליק־וואונש צו דער פערהייראטהונג פון א פלעמעניצע.

טהייערע אמעליא: —

איך האב געלעזען דיין לעצטען בריעף מיט פיעל פערגניגען און עס פרייט מיך זעהר דיין מאן צו רעכנען צווישען אונזער פאמיליע. איך קען איהם פיר דיזע לאנגע צייט פיר אן עהרליכען מענשען און איך האב פון איהם קיין אנדער זאך אויסער גוטעס נים געהערט. איך דענק, אז ער פערדיענט פאלשטענדיג דיין ליעבע און אכטונג.

איך ווינש, אז איהר זאלט ביידע לעבען גליקליך און מאנכמאל שרייבען א בריעף צו

אייער ליעבענדער מוהמע.

### 15. CONGRATULATION ON THE MARIAGE OF A BROTHER.

*Dear Brother :—*

You and your Rachel are now united forever! O dear brother, that you could read in my heart, how your happiness delights me. If I could only fly to you immediately, to comtemplate your happiness with my own eyes, but this pleasure I shall not enjoy for some time. Not until next year will my employers give me permission to pay you a visit for a couple of weeks; and as I have otherwise reason to be satisfied with my position, I must have patience until then. My delight of embracing you, my new sister, and porhaps a little nephew or niece, will be all the greater.

Farewell, dear brother, and forget not in the arms of your young wife

Your faithful sister.

### 16. CONGRATULATION ON THE MARIAGE OF A NIECE.

*Dear Amelia :—*

I have read your last letter with much pleasure and I am very glad to count your husband among our relations. I have known him this long time as an honest man, and have never heard of him anything but what was creditable. I think he fully deserves your affection and esteem.

May you both live happy, and sometimes write a letter to

Your affectionate aunt.

## 17. גליק־וואונש צו דער פערהייראטהונג פון א פריינדין.

טהייערע פריינדין: —

קיין מאל האט מיר דיינער א בריעף נים פערשאפט אזוי פיעל פערגניגען ווי דער בריעף, וועלכער ברייננט מיר דיא מעלדונג וועגען דיין הייראטהען. ווען איך וואלט דיך נים ליעבען צו פיעל, וואלט איך דיר מקנא זיין, וואס דוא האסט געקריענגן אזא ליעבליכען מאן ווי דיין דזשיימז וועט דיר זיין. וויא גליקליך וועסטו זיין! איך האב דיר קיין זאך נים צו ווינשען, נאר לאנגע יאהר און געזונד צו געניעסען דיזעס גליק.

איך ווינש אייך, אז איהר זאלט געניעסען אייער הייזליכעס גליק אין פולס־טען מאס און פיר דיא ערסטע פרוכט (קינד) פון אייער ליעבע, וועלכע וועט געוויס זיין א בילד פון טאטע־מאמען, פערלאנג איך קוואטערשאפט, ווייל איך מוז דיך יעצט צו מיר צובינדען מיט נייע באנדען, אום דוא זאלסט אין דיין פאמיליען־גליק נים פערגעסען

דיין ריכטיגע פריינדין

## 18. גליק־וואונש צו דער געבורט פון א קינד.

ווערטהער הערר: —

איך בין היינט געווען אנגענעהם איבערראשט מיט אייער בריעף, וועלכער האט מיר געבראכט דיא מעלדונג, דאס אייער פרוי האט אייך בעשאנקען מיט א קליינעם זוהן און וועלכער לאדעט מיך צור גלייכער צייט איין צו זיין ביי דער שמחה, וועלכע וועט געמאכט ווערען צו עהרע פון דיזער נעלעגענהייט. דיזען בעווייז פון אייער צוטרויען שעץ איך זעהר פיעל, און איך וועל נים פערפעהלען צו קומען צו אייך צו דער בעשטימטער צייט.

מיט דיא בעסטע ווינשע פיר דיא געזונדהייט פון אייער פרוי און פון דעם ניי־געבוירענעם קינד, פערבלייב איך

מיט אכטונג אייערער.

### 17. MARRIAGE CONGRATULATION TO A FEMALE FRIEND.

*Dear Friend :—*

Never has any letter of yours given me so much pleasure as that which informs me of your marriage. If I did not love you too affectionalety, I should envy you for obtaining so kind and affectionate a husband as your James will make. How happy you will be! I have nothing to wish you but a long life and health to enjoy this happiness. I wish you to enjoy your domestic felicity to its full extent, and for the first offspring of your affection, which no doubt will be a perfect image of father and mother, I claim the post of godmother, for I must try to attach you to me by new ties, or, in your domestic happiness, you might forget Your sincere friend.

### 18. CONGRATULATION AT THE BIRTH OF A CHILD.

*Dear Sir :—*

I have been most agreeably surprised to-day by your letter which informs me that your lady has presented you with a little boy, asking me at the same time to be present at the entertainment which will be given by you in honor of the occasion. This proof of your confidence I value highly, and shall not fail to call at your house at the appointed time.

With my best wishes for the health of your lady and the infant, I remain

Yours respectfully.

## 19. גליק־וואונש אויף אן אנדער ארט.

ווערטהער פריינד: —

עס פרייט מיך צו ערפאהרען, דאס מאדאם — האט אייך בעשאנקען מיט א יונג. דיזע פערמעהרונג אין אייער פאמיליע איז א גליק פון דעם פערהייראטהעהן לעבען. הכוואי זאל אייער ניי־געבוירענער זוהן זיך עלטערן און וואקסען אין פער־שטאנד, אום ער זאל בעלוינען דיא צוגעקומענע זארג פון זיינע עלטערן מיט זיין גוטער אויפפיהרונג און שעהנעם כאראקטער; אום ער זאל זיין א שטיצע און א טרויסט פיר זיינע עלטערן, ווען זיי וועלען ווערען אלט און שוואך. אייער פרוי ווינש איך, אז זיא זאל באלד ווידער ווערען געזונד, אום אייער הויז זאל ווידער פיהלען דיא ווירטהשאפטליכע האנד פון א פרויענצימער. מיט דעם בעסטען גרוס צו מאדאם — פערבלייב איך

אייער פריינד.

## 20. ענטפער אויף א גליק־וואונש צו א געבורטס־טאג, פון א פאטער צו דיין זוהן.

מיין טהייערער זוהן: —

איך דאנק דיר פיר דיינע פריינדליכע ווינשע צו מיין געבורטס־טאג; זיי קומען פון א פריינדליכען הערצען. איך פערלאנג נאר ניט צו לעבען אזוי לאנג וויא דוא ווינשט מיר; איך ווינש נאר צו לעבען אזוי לאנג ביז דוא וועסט ווערען א בעזארגטער מענש, אום אונזער פאמיליע זאל פון דיר קענען געשטיצט ווערען, ווען מיין צייט וועט קומען.

דוא קענסט פון מיר ערווארטען אלעס וואס איך קען נאר טהאן פיר דיינע ווירקליכע נוצען.

דיין ליעבענדער פאטער.

### 19. ANOTHER CONGRATULATION.

*Dear Friend :*

I am glad te learn that Mrs. ——— has presented you with a boy. This increase of your family is a blessing of the married state. May the new-born child increase in age and in wisdom, to reward the increasing cares ot his parents by his good conduct and his virtues ; that when his parents shall be bent with age, he may prove their prop and their comfort. May the health of your wife soon be restored, that your house may again enjoy the administering hand of a woman. With best respects to Mrs. ———, I remain,

Your friend.

### 20. ANSWER TO A CONGRATULATION ON A BIRTH-DAY, FROM A FATHER TO HIS SON.

*My dear Son :—*

I thank you for your kind wishes on my birth-day; they spring from your heart. As long a life as you wish for me, I do not desire, but I wish much to live to see you provided for, that our famity may have a new support in you, if I should be called away.

You may expect from me all that I can do for your real interest.

Your affectionate father.

## 21. דאָס וועלבּינע צו א פריינדין.

מיין טהייערע פריינדין:—

וויא אנגענעהם דיין געשענק און דיין בריעף האָבען מיך איבערראשט! איך וויים ניט, וואָס זאָל איך מעהר בעוואונדערן, דיין שעהנעם געשמאַק אָדער דיין פריינדשאַפט. ערהאַלט מיין בעסטען דאַנק פיר דיין טהייערעס געשענק און פיר דיא פריינדליכע ווינשע, וועלכע בעגלייטען עס. דיזע ווינשע בעדעקען מיך מיט געשענקע פון גליק; אָבער ווען אפילו דאָס שיקזאַל זאָל מיר בעשענקען מיט נאָך מעהר גליק וויא דוא ווינשט מיר, וואָלט איך מיך ניט קענען פיהלען ריכטיג גליקליך אָהן דיין פריינדשאַפט. איך בעט דיך דעריבער, אז דוא זאָלסט אָנהאַל־טען דיין פריינדשאַפט צו מיר, וויא דוא האָסט מיר פערשפּראָכען, און דאַן וועל איך מיך פיהלען העכסט גליקליך אפילו ווען אַלע דיינע פריינדליכע ווינשע וועלען ניט ערפילט ווערען.

טרייליך דיינע.

## 22. ענטפער אויף א גליק־וואונש צום נייען יאָהר, פון א פאָטער צו זיין זוהן.

מיין טהייערער זוהן:—

איך און דיין מוטער שיקען דיר אונזער בעסטען דאַנק פיר דיינע פריינד־ליכע נייע־יאָהרס ווינשע. אָבער דעם איינציגען דאַנק, וועלכען מיר ערוואַרטען פון דיר פיר אונזערע עלטערליכע זאָרג, איז צו זעהן וויא דוא וועסט זיין אן עהרליכער און ניצליכער מענש. זאָלסט דיר דעריבער געבען מיה יעדען טאָג צו פערמעהרען דיינע קענטניסע און צו שטעהן מיט א פעסטען ווילען אין דעם קאַמפף געגען דיי־נע ליידענשאַפטען. ווען מען איז יונג איז אַלעס לייכט צו לערנען; דיא יוגענד איז דיא פריהלינגס־צייט פון לעבען, ווען מען דאַרף איינזעען פיר דיא צוקונפט. זאָלסט דעריבער יעצט זעען מיט פערגניגען, וועסטו דערנאָך האָבען פיעל צו שניידען.

האַלט דיין פערשפּרעכען און זיי וויא אימער א גוטער זוהן, און דוא קענסט זיכער זיין, דאָס מיר וועלען טהאָן אַלעס, וואָס מיר וועלען קענען, דיך גליקליך צו מאַכען.

איך ווינש דיר א גליקליכעס יאָהר.

דיין מוטער גריסט דיך זעהר הערצליך און איך פערבלייב

דיין ליעבענדער פאָטער.

### 21. SAME TO A FEMALE FRIEND.

*My dear Friend :—*

How agreeably has your present and your letter surprised me. I do not know what to admire first, your elegant taste, or your kindness. Accept my best thanks both for your dear present and for the kind wishes which accompany it. Those wishes overwhelm me with the gifts of fortune ; but if fate were to bestow upon me even more, I could not be truly happy without your friedship. Continue therefore your friendly feeling towards me, as you have promised, and though all your kind wishes should not be fulfilled, I shall still be exceedingly happy.

Yours truly.

### 22. ANSWER TO A CNOGRATULATION FOR THE NEW YEAR, FROM A FATHER TO HIS SON.

*My dear Son :—*

Both I and your good mother return you our best thanks for your kind new year's wishes. But the only return we expect from you for our parental solicitude, is to see you become an honest and useful man. Exert yourself therefore every day, to increase your store of knowledge and to strengthen the power of your will when opposed to your passions. In yuoth every thing can be learned with facility, it is the spring time of life, when you must sow for the future. Do so cheerfully and you will reap a rich harvest hereafter. Fulfil your promise, and continue to be onr good son, and you may rest assured that we shall do all in our power to make you happy. I wish you a happy new year. Your mother sends her love to you, and I remain

Your affectionate father.

## 23. דאָס זעלבּיגע פון אַ שוועסטער צו אַ ברודער.

מיין פיעל געליעבטער ברודער: —

אָבוואָהל איך בין איבערצייגט פון דיין בריעדערליכער ליעבע צו מיר, האָבען מיר דיינע נײַ־יאָהרס ווינשע, וועלכע דריקען אויס דיינע וואַרעמע געפיהלע, מיך זעהר שטאַרק ערפרייט. דיא ליעבע, וועלכע דיא נאַטור האָט אונז געגעבען און וועלכע דיא געוואוינהייט האָט אין אונז פערפעסטיגט, וועט קיינמאָל ניט אויס־געמעקט ווערען פון מיין הערצען. מיר וועלען ווייזען דער וועלט, אז דאָס שפּריכ־וואָרט: „שוועסטער און בריעדער פערטראָגען זיך ניט" האָבען אויסגעטראַכט נאַרען און אז מענשען פון איין מאַמען פיהלען דיא שטאַרקסטע ליעבע צווישען זיך. דאָס וואָס דוא ווילסט מיר שיקען אַ געשענק איז ביי מיר אָנגענומען גראָדע אַזוי וויא דוא וואָלסט עס מיר ווירקליך געשיקט; איך בין גראָדע צופריעדען וואָס דוא האָסט עס ניט געטהאָן, ווייל איך וויים, אַז דוא ביסט ניט אין שטאַנד צו מאַכען געשענקע. דאַגעגען שיק איך דיר מיט דיזען בריעף אַ קלייניגקייט אַלס אַ נײַ־יאָהרס געשענק, וועלכעס איך האָף אַז דוא וועסט אָננעהמען מיט אַ גוטען ווילען.

איך ערוואַרט, אַז איך וועל אין ניכען זיין אין שטאַנד דיך צו בּעזוכען, און איך פערבלייב

דיין ליעבענדע שוועסטער.

## 24. אַן ענטפער צו אַ פריינד אויף אַ גליק־וואונש צו אַ האָכצייט, מיט אַן ענטשולדיגונג פאַר וואָס ער האָט איהם דערפון ניט געגע־בען צו וויסען.

טהייערער פריינד: —

ווען איך וואָלט דיר ניט געגעבען צו וויסען פון מיין הייראַטהען בלויז אויס נאַכלעסיגקייט, וואָלסט דוא געהאַט רעכט מיט דיינע פאָרווירפע; אָבער זעהר וויכטיגע געשעפטען האָבען ביי מיר צוגענומען אפילו יענע שטונדען, וועלכע איך האָב געדאַרפט פערברענגען מיט מיין כלה. איינִיגע טעג פאַר מיין חתונה בין איך געווען געצוואונגען צו אַרבייטען טאָג און נאַכט. און דעם טאָג גלייך נאָך דער חתונה בין איך געווען גענויטהיגט צו מאַכען אַ רייזע, וועלכע האָט מיך אָפּגעהאַלטען פון דער היים און פון מיין פרוי פיר פיר איבּער אַ מאָנאַט צייט. אָבער דאָס געשעפט איז שוין יעצט געענדיגט, און איך האָב שוין געהאַט גערעכענט דיר צו שרייבען, ווען איך האָב ערהאַלטען דיין בריעף.

איך דאַנק דיר פיר דיינע פריינדליכע ווינשע, און איך האָף, דאָס איך וועל אין ניכען האָבען דאָס פערגניגען דיר צו מאַכען אַ בעזוך און דיר פאָרצושטעלען מיין פרוי, וועלכע שיקט דיר צוזאַמען מיט מיר איהר בעסטען גרוס.

דיין טרייער פריינד.

### 23. SAME, FROM A SISTER TO HER BROTHER.

*My dearly beloved Brother :—*

Although I am well convinced of your fraternal love towards me, your kind new year's wishes, expressive of your warm feelings, have greatly delighted me. From my heart, this affection to which nature prompts us, and which has been confirmed by habit, will never be expunged. We will show that the proverb "sisters and brothsrs never agree" was invented by a fool, and that individuals who own the same mother, feel the strangest affection towards one another. Your wish of presenting me with some token of your affection I willingly take for the deed ; nay, I am glad that you have not done so, as I know that you cannot afford to make presents. Hereby, however, I send you a trifle as a new year's gift, which I hope you will accept kindly.

I expect that I shall soon be able to pay you a visit, and remain

Your affectionate sister,

### 24. ANSWERING A FRIEND TO A CONGRATULATION ON MARRIAGE, WITH EXCUSE FOR NOT HAVING INFORMED HIM.

*Dear Friend :—*

If neglect had been the cause of my not informing you of my marriage, you would have been justified in opbraiding me , but the most important business has deprived me even of those hours, which I should have spent with my bride. Several days before my wedding, I was obliged to work day and night, and the day after was forced to go on a journey, which kept me from home and from my wife for upwards of a month. But the business is at last terminated, and I was on the point of writing to you, when I received your letter.

I thank you for yonr kind wishes, and hope that I shall soon have the pleasure of paying you a visit, and of introducing to you my wife, who joins me in sending her best respects.

Faithfully yours.

## 25. ענטפער אויף א גליק־וואונש צו דער געבורט פון א קינד.

**מיין טהייערער פריינד: —**

אייערע פריינדליכע ווינשע צו דער געבורט פון מיין זוהן צייגען מיר, דאס איהר אינטערעסירט אייך, וויא אימער, זעהר שטארק אין מיין גליק. הלוואי זאל איך אייך אין גיכען אויך קענען ווינשען גליק אויף אזא געלעגענהייט.

עס פרייט מיך אייך צו מעלדען, דאס דיא מוטער איז געזונד און דאס נייר געבוירענע קינד פריש און לעבעדיג. נעכסטען דיענסטאג וועלען מיר איהם געבע א נאמען; מיר וועלען ניט האבען קיין צוזאמענגערופענע געזעלשאפט ביי דיזער געלעגענהייט, אבער ווען איהר וועט קומען וועט אונז זעהר פרייען אייך צו זעהן. יעדענפאלס ערווארטען מיר אין גיכען אייך צו זעהן.

**אייער טרייער.**

## 26. ביטע אום ענטשולדיגונג פיר ניט שרייבען.

**ווערטהער פריינד: —**

איך ווייס ניט וואס דוא קענסט פון מיר דענקען דערפאר וואס איך האב דיר שוין ניט געשריעבען אזא לאנגע צייט; דענק וואס דוא ווילסט, נאר דענק ניט, אז איך האב צו דיר פערלארען מיין אכטונג. אבער איך האף, אז דוא וועסט מיר דיזעס מאל פערצייהען. דוא וועסט געוויס ערפילען מיין ביטע, וויל דוא ווייסט, אז כאטש איך פערשפעטיג מיך מיט מיין שרייבען, פון דעסטוועגען פערגעס איך קיינמאל ניט אן מיינע פריינד. דוא מעגסט דיך פערלאזען, דאס פון היינט אן וועל איך שוין מעהר ניט אונטערברעכען אונזער קאררעספאנדענץ, און איך ערווארט פון דיר באלד צו קריגען דיא פערזיכערונג, דאס איך מעג דיך אימער רעכענען פיר א פריינד און דאס איך מעג מיך אנרופען

**דיין טרייעסטער.**

### 25. ANSWER TO A CONGRATULATION ON THE BIRTH OF A CHILD.

*My dear Friend :—*

Your kind congratulations on the birth of my son prove to me that you continue to feel deeply interested in my welfare. May I soon have an opportunity of congratulating you on a similar occasion.

I am happy to inform you that the mother is well, and that the new-born child is healthy and lively. The baby will be named next Tuesday; we shall have no company on the occasion, but if you will come, we shall be happy to see you. At all events we expect to see you soon.

Yours truly.

### 26. EXCUSE FOR NEGLECTING TO WRITE.

*Dear Sir :—*

I do not know what you may think of me for not having written to you for so long a time; however think anything rather, than that I have ceased to respect you. I hope that you will forgive me this time. You will, no doubt, grant my request, as you are aware that, in spite of my tardiness in writing, I never forget my friends. You may rely upon it that henceforth our correspondence will no longer be interrupted by me, and I hope soon to receive from you the assurance that I may always look upon you as my friend, and that I may call myself

Truly yours.

## 27. א בעדויערונגס־בריעף צו א פריינד אויף דעם טוידט פון דיין פאטער.

מיין טהייערער פריינד:—

פון מיין הערצען טרויער איך מיט דיר צוזאמען אויף דעם טוידט פון דיין פאטער. איך האב איהם אויך געליעבט און געשעצט אזוי ווי ער וואלט געווען מיין אייגענער פאטער. זיין געזעלשאפט האט מיך בעלעהרט און געגעבען מוטה, און זיין אנדענקען וועט ביי מיר זיין טהייער אזוי לאנג וויא איך וועל לעבען. ווען עס איז מעגליך, אז אמת'ע ווארימער מיטלייד זאלען דיך טרויסטען אין דיין טרויער, האף איך, אז דיזער בריעף וועט דיר פערשאפען א שטיקעל טרויסט.

זיי געטרויסט, מיין טהייערער פריינד; בעמיהע דיך איבערצושטארקען דיין שמערץ, אום דוא זאלסט קענען בעסער ערפילען דיינע פליכטען געגען דיינע יינגערע שוועסטערס און ברידער, וועלכע, וויא איך וויים, זיינען דיר זעהר, זעהר טהייער.

דיין פריינד,———.

## 28. א טרויסט־בריעף צו א שוועסטער אויף דעם טוידט פון איהר טאכטער.

ליעבע שוועסטער:—

דער טוידט פון דיין טאכטער פערשאפט מיר דעם גרעסטען שמערץ. איך האב דיך געוואלט נעהמען טרויסטען, אבער איך האב מיך אבגעגעבען, און איך בין ניט אין שטאנד דיר צו געבען קיין טרויסט, וויל יעדעס מאל, וואס איך דער־מאהן מיך אן איהר, ברעכט מיר מיין הערץ און מיינע אויגען ווערען פול מיט טהרערען.

אבער, מיין טהייערע שוועסטער, לא'מיר האבען מוטה אין דיזער צייט, ווען דער טוידט האט ביי אונז צוועגגערויבט אונזער שוועסטער, און לא'מיר זיך האל־טען וועדליג וויא עס פאסט פיר קלוגע מענשען, וועלכע קוקען אויף א זעלכע זא־כען מיט א פילאזאפישען בליק.

מוטה, מוטה, טהייערע שוועסטער!

איך פערבלייב,

דיין ליעבענדע.

### 27. LETTER OF CONDOLENCE TO A FRIEND, AT THE DEATH OF HIS FATHER.

*My dear Friend:—*

From my heart I mourn with you for the loss of your dear father. I also loved and honored him as if he were my father. His company has been to me very instructive and encouraging, and his memory will be dear to me as long as I live. If real sympathy can comfort you in your affliction, I hope that my letter will afford you some consolation.

Be comforted, my dear friend, try to overcome your grief, that you may be capable the better to fulfil your duties towards your younger sisters and brothers, who, I know, are very, very dear to you.

Your friend,——.

### 28. LETTER OF CONSOLATION TO A SISTER, AT THE LOSS OF A DAUGHTER.

*My dear Sister:—*

The loss of your daughter is painful to me in the extreme. I intended to comfort you, but I have deceived myself, and am incapable of affording you any consolation, for, every time I think of her my heart breaks and my eyes fill with tears.

But, my dear sister, let us have courage at this time of our bereavement, and bear up in a manner becoming wise persons who look upon such things philosophically.

Courage, dear sister, courage!

I remain

Yours affectionately.

## 29. א טרויסט־בריעף צו א פריינדין אויף דעם טוידט פון איהר מוטער.

ליעבע סאָפיע :—

איך מוז דיר זאָגען דעם אמת, אז בעטראַכטענדיג דעם גרויסען שאדען, וועלכען דוא האסט געליטען אין דעם טוידט פון דיין טהייערער מוטער, צווייפעל איך, אויב איך זאָל גאָר פּרובירען דיך צו טרויסטען. מיר אליין, וואָס איך האָב נאָר א קורצע צייט געהאט דאָס פערגניגען צו זיין אין איהר געזעלשאַפט, טהוט דיזער פאַל אויך זעהר, זעהר לייד. דוא מעגסט מיט רעכט וויינען, מיין טהייערע! א פרוי מיט א זעלכע עדעלע געפיהלען וויא דיין מוטער פערדיענט דיינע טהרע־רען. דאָך, מיין טהייערע פריינדין: האָט זיא דען אייביג געקענט פערבלייבען מיט דיר? האָט זיא שוין ניט דערגרייכט דעם העכסטען סטאַפּעל פון א מענשענ'ס לעבען? וויש אָלזאָ אָב דיינע טהרערען און דענק מיט פרייד וועגען דעם מוסטערהאַפטען לעבען פון דיין מוטער און וועגען איהר פריעדליכען טוידט. הלוואי זאָל אונזערער אויך זיין אזוי: אזוי איז דער ערנסטער וואונש פון

דיין מיטליידיגער פריינדין.

## 30. צו אַ פריינד אויף דעם טוידט פון זיין שוועסטער.

טהייערער דזשאָרדזש :—

איך דאַרף דיר ניט געבען קיין בעווייזע, דאס איך פיהל מיט דיר מיט פון טיעפען הערצען דאָס אונגליק, וועלכעס דוא האָסט געליטען אין דעם טוידט פון דיין ליעבער שוועסטער. איהר טוידט איז נאָך טרויעריגער מיט דעם, וואָס זיא איז געווען יונג און בליהענד און האָט געהאט א רעכט פון דער נאַטור צו ער־ווארטען א לאַנגעס און גליקליכעס לעבען. אָבער דיא וועגען פון דער נאַטור זיי־נען בעהאַלטען און דוא האָסט ניט געהאט אין דיין מאַכט דעם טוידט אָבצוהאַל־טען. לאָ'מיר זיך דעריבער אונטערגעבען צו אונזער שיקזאַל און טראָגען דיא צרות פון אונזער לעבען מיט געדולד. געדענק אימער

דיין טריַיען פריינד.

### 29. LETTER OF CONDOLENCE TO A FEMALE FRIEND ON THE DEATH OF HER MOTHER.

*Beloved Sophia:—*

I must confess that the greatness of the loss, which you have met with in the death of your dear mother, makes me doubt whether I should attempt comforting you. I myself, who enjoyed but for a short time the pleasure of her company, am very, very sorry for it. You are right to weep, my dear! A woman of sentiments so noble is worthy of tears. However, my dear friend, could she have remained with you forever? Has she not reached the highest stage of human existence? Dry then your tears and think with cheerfulness of the exemplary life of your mother, and of her peaceful end. May ours be the same: this is the earnest wish of

Your sympathizing friend.

### 30. TO A FRIEND AT THE DEATH OF HIS SISTER.

*Dear George:—*

I need not assure you that I sympathize with you from my heart, for the loss you have experienced by the death of your amiable sister. Her death is the more melancholy, as her youth and blooming health entitled her to a long and happy life. But the ways of nature are hidden and it was not in your power to prevent it to come. Let us, therefore, submit to our fate and bear the troubles of life with patience. Continue to remember

Your faithful friend.

## 31. א בריעף, וואס פערזיכערט, אז פריינדשאפט האט ניט אויפגעהערט.

טהייערער פריינד:—

מיר זיינען שוין זעקס מאָנאַטען געשיידט און מיר האָבען נאָך קיין איינציגען מאָל געשריעבען איינער צום אנדערן. עס איז מיר שווער צו ענטשיידען, אויב איך זאָל בעשולדיגען אין דעם דיך אָדער מיך אליין. איך וועל קיינעם ניט בעשולדיגען און נאָר קוקען וואָס ווייטער וועט זיין; איך פערזיכער דיך, דאָס איך האָב אָפט געדענקט וועגען דיר מיט דיא טיעפסטע געפיהלע פון פריינדשאַפט און דאָס עס וועט מיך פרייען, ווען דוא געדענקסט מיך נאָך. איך קען מיר ניט פאָרשטעלען, אז דוא זאָלסט מיך וועלען פערגעסען, און איך האָף, אז דוא וועסט מאכען א סוף פון דיין שטיל־שווייגען, וועלכעס מאכט מיך אונרוהיג און ברייננט מיך דערצו, אז איך זאָל צווייפלען, צי דוא ביסט נאָך מיין פריינד, אין דער צייט וואָס איך פערבלייב, וויא אימער,

דיין פריינד.

## 32. ענטפער אויף דעם פריהערדיגען בריעף.

טהייערער פריינד:—

ווען איך וואָלט אפילו ניט געהאט געקריגען דיין בריעף, וואָלט איך אויך קיינמאָל ניט געצווייפעלט אין דיין ריכטיגער פריינדשאַפט, וויל מיר קענען ניט שרייבען און דאָך ניט פערגעסען; מיר קענען זיך מיט מענשען ניט זעהן, מיט זיי קאָרעספאָנדירען, און דאָך זיי ליעבען. בריעף זיינען ניט קיין זיכערע צייכענס פון פריינדשאַפט. דאס הערץ פערדיענט מעהר צוטרויען אלס בריעף; נאָר דאָס הערץ קען געבען ריכטיגע בעווייזע פון אונזער ליעבע אָדער ניט־ליעבע. איך האָב געהאט צוטרויען צו דיין הערץ און איך בין געווען איבערצייגט, דאָס דוא האָסט וועגען מיר געדענקט, ווען אויך דוא האָסט צו מיר ניט געשריעבען. אָט אזוי האָב איך מיר ערקלערט דיין שטיל־שווייגען און האָב דיין פריינדשאַפט בעהאנדעלט ריכטיג.

איך בעט דיך, אז דוא זאָלסט אויך אזוי בערעכנען, און איך בעט דיך, אז דוא זאָלסט מיך אימער רופען

דיין ריכטיגער פריינד.

### 81. LETTER GIVING ASSURANCE OF FRIENDSHIP.

*Dear Friend:—*

We have now been six months absent from each other, without having written even once. Whether I am to reproach you, or blame myself, is hard to decide. I shall do neither the one nor the other, but only look to the future, assuring you that I have often thought of you with the most friendly feelings, and that I shall be glad if you still remember me. I cannot imagine that it is your intention to forget me, and I hope that you will interrupt this silence which makes me uneasy and causes me to doubt the continuance of your freindship, whilst I remain, as ever,

Your friend.

### 82. ANSWER TO THE FOREGOING.

*Dear Friend:—*

Though I had not received your letter, I should never have doubted your sincere friendship, for we can be silent without forgetting, and love persons without seeing them or corresponding with them. Letters are but a doubtful sign of friendship. The heart deserves more confidence; it alone gives positive evidence of our likings and dislikings. I trusted to your heart and was convinced that you were thinking of me, although you did not write. In this manner I have accounted for your silence and done justice to your friendship.

I beg you will do the same, and be assured that you always call me

Your sincere friend.

## 33. נאָך א בריעף וועגען ניט־שרייבען.

טהייערער דזשאָזעף:—

וואָס איז דער מער וואָס מען הערט פון דיר ניט? האָסטו אונז נאָר אין גאנצען פערגעסען? ווען דוא האָסט אונז פערלאָזען האָסטו אונז צוגעזאָגט, אז דוא וועסט אונז שרייבען גלייך נאָך דעם וויא דוא וועסט אָנקומען אין סענט לואיס; עס זיינען שוין יעצט א וועג אכט וואָכען און מיר האָבען נאָך פון דיר ניט געקריעגען קיין ציילע. דאָס הייסט בייא דיר האלטען וואָרט?—דוא וועסט זיך ענט־שולדיגען און דוא וועסט זאָגען, דאָס דוא האָלסט אונז אָפט אין דיינע געדאנקען; דאָס צווייפעל איך ניט, אָבער דיזע געדאנקענ־קאָררעספּאָנדענץ וועט אונז מעהר ניט צופריעדען שטעלען; עס איז שוין גענוג טרויעריג, אז א בויגעלע פּאַפּיער דארף פערנעהמען דעם אָרט פון א פריינד, אָבער וואָס זאָלען מיר שוין טהאָן ווען אפילו דיזער אָרימער פערטרעטער פון אונזער פריינד קומט אויך ניט?

דעריבער, טהייערער דזשאָזעף, גיב לאָ'מיר פון דיר קריעגען א לאנגען בריעף! אלע אונזערע זיינען געזונד, זיי שיקען דיר זייערע גריסען, און איך פערבלייב

דיינער, וויא אימער.

## 34. נאָך א בריעף וועגען דער זעלביגער זאך.

טהייערער פריינד:—

איך האָב שוין כמעט געמיינט רעכענען, אז דוא געדענקסט שוין מיך מעהר ניט. צוויי יאהר זיינען שוין פארביי און איך האָב נאָך ניט אָנגעזעהען קיין ציילע פון דיר און דאָך האָב איך ערפאהרען צו מיין פערגניגען, דאָס דוא ביסט געזונד און גליקליך; וואָס קען אלזאָ זיין דער מער וואָס דוא שווייגסט? אייביג האָט מען דאָך ניט קיין נויטהיגע געשעפטען, און ווען מען וויל נאָר געפינט מען אימער א ביסעלע צייט צו שרייבען א פּאאר ווערטער צו א גוטען פריינד. אז דוא זאָלסט פערגעסען דיינע אלטע פריינד צוליעב דיינע נייע—דאָס ליעגט דאָך ניט אין דיין נאטור.

מיט דער האָפנונג, אז דוא וועסט ערפילען מיין ערנסטע ביטע, פערבלייב איך

דיין פריינד.

### 83. ANOTHER LETTER REGARDING SILENCE.

*Dear Joseph:—*

Why do we not hear from you? Have you forgotten us entirely? When you left us you promised to write immediately after your arrival in St. Louis; this is now eight weeks, and we have uot received a line from you. Do you call that keeping your promise? You will excuse yourself by saying that your thoughts have often been with us. This I do not doubt, but, at last, this spiritual correspondence will be very unsatisfactory; it is bad enough when a sheet of paper must supply the place of our friend, but what are we to do when even this representative does not come?

Therefore, dear Joseph, quick, let us have a long letter!

All are well here, they send their respects to you, and I remain

Yours, as ever, etc.

### 84. ANOTHER LETTER ABOUT THE SAME.

*Dear Friend:—*

I could almost imagine that you no longer remember me. Two years have passed, and I have not seen a line of yours, yet I learn with pleasure that you are well and happy, what then can be the cause of your long silence? Urgent business does not last forever, and if we really wish, we can always find moments to drop a line to a sincere friend. To forget your old friends for your new ones, does not lie in your nature.

Hoping that you will do my earnest request, I remain

Your friend.

# III.

# ליעבע - בריעף.

**1. א בריעף צו א מיידעל פון א יונגען מאן, וועלכער באט איהר אן זיין האנד.**

**סט. לואיס, 16טען מאי, 1899.**

**מיין טהייערע פריילין אייבראהאמז :—**

עס איז שוין ביינאהע א יאהר זייט איך האב געהאט דאס פערגניגען צום ערסטען מאל אויפגענומען צו ווערען אין אייער הויז אלס א פריינד—א פערגניגען, וועלכעס איך שעץ זעהר פיעל. איך וועל אייך זאגען אפען, דאס אין דיזער גאנ־צער צייט האט מיך איין צוציעהונגס־קראפט, איין שטארקע האפנונג געצווינגען צו אייער הויז, און איך האב כמעט ניט נויטהיג צו זאגען, דאס איהר אליין זייט גע־ווען דיא צוציעהונגס־קראפט, און מיין וואונש צו געווינען אייער ליעבע איז געוועזען מיין האפנונג.

האט מיר געגליקט ? האט מיין הערצליכע, טרייע ליעבע, וועלכע איך פיהל צו אייך, געפונען אן אבקלאנג אין אייער הערצען? אלע מיינע האפנונגען אויף מיין צוקינפטיגעס גליק הענגען אב פון אייער ענטפער, ווייל איך בין ניט פון דיא, וואס זייער ליעבע איז א פאנטאזיע, וועלכע פערפליהט אין א שטונדע ; מיינע איז דיא ריכטיגע, דויערהאפטע ליעבע, וועלכע איז געבויט אויף אכטונג און שעצונג און איז שוין מאנאטען לאנג אין מיינע געדאנקען.

אייער מיידעלשע אנשטענדיגקייט האט אייער הערץ אזוי גוט בעהאלטען פון מיר, דאס איך קען כמעט ניט וואגען צו דענקען, אז איך האב אן ארט אין איהם ; אבער איך פיהל, דאס איך קען מעהר ניט פערטראגען דיא אונגעוויסהייט, און איך שרייב דיזען בריעף צו געווינען אדער אלעס צו פערליערען.

ווען איהר וועט זיין מיין פרוי וועט זיין דער שטאלץ פון מיין לעבען אייך צו שיצען פון יעדען קומער און אייך צו פערשאפען דאס גליק, וועלכעס א צערטלי־כער, ליעבענדער מאן קען נאר געבען זיין ערסטער און איינציגער געליעבטער.

**מיט דער האפנונג פון אייך באלד צו הערען,**
**פערבלייב איך מיט אכטונג און איבערגעבענהייט,**
**אייער טרייער,**

**דזשאזעף מארקס.**

# III.

# LETTERS OF LOVE.

## 1 LETTER FROM A GENTLEMAN TO A LADY OFFERING HER HIS HAND.

St. Louis, May 16, 1899.

*My dear Miss Abrahams:—*

It is now nearly a year since I first had the great and highly appreciated pleasure of being received at your house on the footing of a friend. During all that time, I will frankly confess that one attraction, and later, one strong hope have been drawing me ever to yonr residence, and I need scarcely add that your own dear self was the attraction, the desire of winning your favorable regard my hope.

Have I been successful? Has the deep, faithful love that I feel for you any response in your heart? All my hope of happiness in the future hangs upon your answer, for mine is not the fleeting fancy of an hour, but the true, abiding love that is founded upon respect and esteem, and has been for months my life dream.

Your own maidenly dignity has kept your heart so securely hidden from me that I scarcely venture to hope I have a place there, but I feel that I cannot endure suspense any longer, and so write to win or lose all.

If you will be my wife, it will be the pride of my life to try to shield you from all sorrow, and to give you all the happiness that a tender, loving husband can bestow upon his first and only love.

Hoping to hear from you soon,

I am, with respect and devotion,

Yours faithfully,

**Joseph Marks.**

## 2. א גוטער ענטפער אויף דעם פריהערדיגען בריעף.

ניו יאָרק, 20טען מאי, 1899.

מיין טהייערער הערר מאַרקס:—

אייער פריינדליכער און מוטהיגער בריעף עפענט מיינע אויגען צו זעהן, אַז דאָס וואָס איך האָב נאָר געהאַלטען פיר אַ ווארימע פריינדשאַפט איז עפּעס אַ שטאַרקערעס געפיהל. איך זעה, אַז עס וואָלט מיר פערשאַפען שמערץ צו פער־ליערען אייערע בעזוכען און אייער געזעלשאַפט און דאָס אַזאַ ליעבע וויא איהר פער־שפּרעכט מיר, וועט מיך מאַכען זעהר גליקליך. איהר זעהט, דאָס איך ענטפער אייך אָפענ־הערציג, ווייל איך האַלט פיר אונרעכט זיך צו שפּיעלען מיט אַזאַ ליעבע, וועלכע איהר באָט מיר אָן.

איך האָב אייער בריעף געוויזען מיינע עלטערן; זיי בעטען מיך איך זאָל אייך זאָגען, דאָס זיי וועט זיין אַנגענעהם צו האָבען אייך פיר אַ גאַסט היינטיגען אַבענד.

איך פערבלייב מיט פריינדליכסטע גריסע,

אימער אייער טרייע,

סאָפיא אייבראַהאַמז.

## 3. ניט קיין גוטער ענטפער אויף דעם זעלבינען בריעף.

ניו יאָרק, 20טען מאי, 1899.

ווערטהער הערר:—

אייער בריעף האָט מיר פערורזאַכט דעם גרעסטען שמערץ, ווייל איך פיהל, דאָס איך האָב אייך אונגערן געמאַכט צו האָפען אויף אַזוינס וואָס קען קיין מאָל ניט זיין. איך רעכען, אַז איהר וועט מיר גלויבען, דאָס ניט מיט אייך צו ליעבען זיך האָב איך אייך געלאָזען זיין בייא אונז אַן אָפטער גאַסט, נאָר ווייל איך האָב געשעצט אייער פריינדשאַפט זעהר פיעל, און האָב געגלויבט, דאָס איך בין ביי אייך געוועזען פערעכענט בלויז פיר אַ פריינדין. אייער פריינדליכער און מוטהיגער בריעף, וועלכען איך וועל אימער בעטראַכטען אַלס אַ היילינעס פערטרויען, האָט מיר געוויזען, דאָס איך האָב געהאַט אַן אירטהום; אָבער וועהרענד איך קען אייך ניט אויסדריקען דיא זעלבינע געפיהלען, וועלכע ער ענטהאַלט, שעץ איך זעהר פיעל דיא עהרע, וועלכע איהר מאַכט מיר.

מיט דער האָפנונג, דאָס איך קען נאָך וויא פריהער האָבען אייער פריינדשאַפט, פערבלייב איך, מיין ווערטהער הערר,

אייער פריינדין וויא אימער,

סאָפיא אייבראַהאַמז.

2. FAVORABLE REPLY TO THE FOREGOING.

New York, May 20th, 1899.

*My dear Marks:—*

Your kind and manly letter opens my eyes to the fact that what I believed to be only a warm friendship is a stronger feeling. I see that it would be a pain to me to lose your visits and presence, and that such love as you promise would make me very happy. You see that I answer you frankly, deeming it wrong to trifle with such affection as you offer to me.

I have shown your letter to my parents, and they desire me to say that they will be pleased to have you call this evening to see them.

With kindest regards, I am
Ever yours truly
Sophia Abrahams.

3. UNFAVORABLE REPLY TO THE SAME LETTER.

New York, May 20th, 1899.

*Dear Sir:—*

Your letter has occasioned me the deepest pain, for I feel that I have, unconsciously, led you to a hope that I can never make a reality. I trust that you will believe that it was in no spirit of coquetry that I encouraged your frequent visits, but because I valued your friendship very highly, and believed that I was to you only a friend. Your kind and manly letter, which I shall ever regard as a sacred confidence, has shown me my error; but while I cannot return the sentiments which it contains, I deeply appreciate the honor which you do me.

Hoping that I may still retain your valued friendship, I am, my dear sir,

Ever your friend,
Sophia Abrahams.

## 4. צו א פריילין פון א יונגען מאן, וועלכער פערלאנגט איהר בילד.

טהייערע מערי:—

געדענקט איהר, דאס איהר האט מיר מיט א מאנאט צוריק פערשפראכען צו געבען אייער בילד, ווען איך וועל איהם געבען דעם ערסטען ארט אין מיין אלבום? איך האב אייך פערשפראכען און איך האב טריי געהאלטען מיין ווארט, דען איך האב דיא ערסטע זייט פון מיין אלבום איבערגעלאזען א ליידיגע, אבער אייער בילד קומט נאך אלץ ניט. האט איהר חרטה געקריגען אויף אייער פער־שפראכענע מת:ה, אדער אנדערע פריינד האבען צוגענומען דיא פיעלע פאטא־גראפישע קארטען, וועלכע איהר האט מיר געוויזען? איהר קענט זיך ניט הער־רויסדרעהען און זאגען, דאס איהר האט ניט קיין גוטעס בילד, ווייל איך וויים, דאס אייער לעצטעס מאל פאטאגראפירען זיך איז זעהר גוט הערויסגעקומען, און איך וואלט זעהר שטארק וועלען האבען איינס פון דיא דאזיגע אויסגעצייכענטע בילדער.

איך בעט אייך, טהייערע מערי, שיקט מיר גלייך דאס בילד, וועלכעס איהר האט מיר פערשפראכען, אום עס זאל מיך טרויסטען אין דער צייט וואס איך זעה אייך ניט.

מיט דער גרעסטער ליעבע אייערער,
דייוויד.

## 5. צו א פריילין פון א יונגען מאן, וועלכער בעט זיא זאל איהם ערלויבען צו קומען.

פריילין אננא דייווידסאן:—

אזוי וויא איך האב געהאט דאס פערגניגען אייך איינמאל צו טרעפען ביי אונזערביידענ'ס פריינדין, מאדאם גרין, ערלויב איך מיך אייך צו שרייבען צו בע־טען אייער ערלויבניס אייך צו בעזוכען אין אייער אייגענע וואוינונג. איך וויין בלויז א קורצע צייט אין דיזער שטאדט, אבער אייער פאטער, דענק איך, ווערט געדענקען הערן סאמיועל ראיס, פון משיקאגא, וועלכער איז מיר א פעטער.

מיט דער האפנונג, דאס איהר ווערט פערצייהען דיא פרייהייט, וועלבע איך נעהם מיר און מיר שענקען אן ארט צווישען אייערע בעקאנטע הערען, פערבלייב איך, מיט גרויסער אכטונג,

ס. ראיס.

### 4. FROM A GENTLEMAN TO A LADY REQUESTING HER PHOTOGRAPH.

*Dear Mary :—*

Do you remember about a month ago promising me that if I would give it the first place in my album, you would give me your photograph? I promised and have faithfully kept the page blank, but your picture does not come. Have you repented of your generosity, or have other friends appropriated all that pile of cards you showed me? You cannot escape on the ground of poverty, for I know that your last sitting was a complete success, and have a great desire to own one of those exquisite profiles.

Do, my dear Mary, send me at once the promised picture that it may comfort me for absence from your presence.

Yours most affectionately,

David.

### 5. FROM A GENTLEMAN TO A LADY REQUESTING PERMISSION TO CALL.

*Miss Anna :—*

Having had the pleasure of meeting you once at the house of our mutual friend, Mrs. Green, I venture to write to request permission to call upon you at your own residence. I have been but a short time a resident in this city, but your father will, I think, remember Mr. Samuel Rice, of Chicago, who is my uncle.

Trusting that you will pardon the liberty I am taking, and grant me a position among your gentlemen acquaintances, I am,

Very respectfully,

S. Rice.

## 6. ענטפער אויף דעם פריהערדיגען בריעף.

**ווערטהער הערר:—**

עס וועט מיר פערשאפען פיעל פערגניגען אייך צו זעהן ביי אונז אין הויז, און מיין פאטער בעט איך זאל אייך זאגען, דאס געדענקענדיג אייער פעטער וואלט ער זעהר ווען געבען שלום־עליכם זיין פלעמעניק.

**טרייליך אייערע,**

**מערי דייווידסאן.**

## 7. פון א הייסען ליעב־האבער צו א פריילין.

**מיין טהייערע פריילין נארדאן:—**

איך שרייב אייך, ווייל דיא הייסע ליעבע, וועלכע פערברענט מיין הערץ, מוז זיך אויסרעדען. ווען איך בין לעבען אייך בין איך שטום, איך וואג ניט פאר אייך אויסצוזיעסען דיא הייסע ליעבע, וועלכע ברענט אין מיר. איך האב מורא, אז איהר האט מיך אפט געהאלטען פיר דום, ווערהענד איך בין נאר געווען בע־רוישט פון אייער ליעבליכקייט און האב מיך מיט גרויס פרייד צוגעהערט צו דער מוזיק פון אייער שטימע.

דאס איך ליעב אייך מיט דעם גאנצען ברען און מיט דער גאנצער איבער־געבענהייט פון אן ערסטער טרייער ליעבע, גלויב איך, אז איהר האט געמוזט זעהן, אבער איך שמאכט צו זעהן פון אייך א שמייכעל, וואס זאל מיר אנבאטען אייער ליעבע, איין ווארט פון אייך, וואס זאל מיך אויפמונטערן און רעטען פון פער־צווייפלונג.

ווער איהר מיר שענקען דיזען שמייכעל? וועט איהר הערויסרעדען דיזעס ווארט? איך ערווארט מיט אונגעדולד אייער ענטפער.

**אייער ערגעבענער.**

### 6. REPLY TO THE FOREGOING.

*Dear Sir:—*

It will give me much pleasure to see you at our residence, and my father desires me to state that his recollection of your uncle makes him very desirous of shaking hands with the nephew.

Yours truly,

Mary Davidson.

### 7. FROM AN ARDENT LOVER TO A LADY.

*My Dear Miss Gordon:—*

I write to you because the burning love which consumes my heart must find some expression. In your presence I am dumb, not daring to pour out to you the ardent devotion which consumes me. I fear that oftentimes you have thought me stupid and dull, while I was only intoxicated with your loveliness, and listening with eager delight to the music of your voice.

That I love you with all the ardor and devotion of a first true love, I think you must have seen, but I pine for a smile to bid me hope, a word of encouragement to save me from despair.

Will you grant that smile? Will you speak that word? I anxiously await your answer.

Devotedly yours.

## 8. צו אַ פריילין פון אַ יונגען הערר'ן, וועלכער ערקלערט זיך איהר אין ליעבע.

מיין טהייערע פריילין דאָרא:—

וועט איהר מיר ערלויבען אייך אויסצודריקען דיא טיעפע אכטונג, וועלכע איך פיהל צו אייך, און מיך לאָזען האָפען, דאָס איהר וועט מיר ערלויבען אָנצורופען מיינע געפיהלע מיט אַ ווארימערען נאָמען? פון דעם טאָג אָן, ווען איך האָב צום ערסטען מאָל געהאַט דאָס פערגניגען מיט אייך זיך צו בעגעגענען, איז אייער געשטאַלט אימער געוועזען פאַר מיינע אויגען, און פון פריינדשאַפט בין איך איבער געגאַנגען צו דיא געפיהלע פון דער הייסעסטער ליעבע צו אייך. האָט איהר געמערקט דיא טיעפקייט פון מיין ליעבע? איך וויל האָפען, דאָס איהר האָט דאָס געזעהען און איהר זייט ניט געגען דעם. איהר האָט עפּעס געמוזט לעזען פון מיין הערצען אין דער צייט פון מיינע פיעלע בעזוכען, און דאָס פיהרט מיך צו דער האָפנונג, דאָס איהר וועט מיין ביטע אין גאַנצען ניט צוריקווייזען.

איך ליעב אייך ריכטיג און הייס; איך ווינש, אַז איך זאָל קענען האָפען אויף געגענ־ליעבע פון אייך.

מיט אונגעדולדיגער אונגעוויסהייט אייערער.

## 9. פון אַן אוועגגעפאָהרענעם געליעבטען, וועלכער בעקלאָגט זיך אויף וועניג שרייבען.

טהייערע בעססיע:—

פּאָסט נאָך פּאָסט וואַרט איך אין פּאָסט־קאָנטאָר און קריעג אַלץ דעם זעלבינגען פוילען ענטפער „ניטאָ קיין בריעף פיר דזשיימז הארט,“ און ווען איך קריעג שוין יע איינעם, איז דאָס ניט דער שעהנער קאָנווערט און דיא דייטליכע שעהנע אַדרעססע, אויף וועלכע איך וואַרט אַזוי ערנסט. איך האָב פון דיר געקריעגען צוויא בריעף זייט איך בין אהערצו געקומען אין דעצעמבער, אָבוואָהל דוא קענסט זיך ניט בעקלאָגען, דאָס איך שיק דיר ניט גענוג בריעף, אַז דוא זאָלסט מיר ענטפערן.

וואָרום איז דאָס אַזוי, בעססיע? דאָס וואָס דוא זאָגסט, אַז דוא שרייבסט דומע בריעף קומט מיר אויס קינדיש. דיינע בריעף זיינען קיינמאָל ניט דום פיר מיך, און איך וואָלט שטאַרק וועלען האָבען אַ צייכען פון דיין ליעבע, אַ נאַכריכט פון דיין לעבען, איינינע בליקען פון דיין הערצען, וועלכעס, וויא דוא פערזיכערסט מיך, געהערט צו מיר.

שרייב מיר אַלזאָ, מיין געליעבטע, אָפט און פריי. דיינע בריעף וועלען מיר געבען דיא מעגליכקייט צו ערטראָגען דיא לאַנגע צייט, וואָס איך דאַרף לעבען געשיידט פון דיר, און נעהם אַוועג דיא ביטערנעס פון מיין אָבגעזונדערטקייט פון דיר.

מיט דער האָפנונג צו הערען פון דיר מיט דער צווייטער פּאָסט,

בין איך אימער, טהייערע בעססיע,

דיין ליעבענדער דזשיימז.

